און אין דערויף איז נכלל די נתינת־כח און מעגלעכקייט אַז די עבודה זאָל זיין בתכלית השלימות ומתוך שמחה וטוב לבב, דורך דעם וואָס דער אויבערשטער שטעלט צו אַלע ענינים גשמיים בהרחבה (כנ"ל ס"ח) – ווי ס'איז מודגש אין ראש השנה סיי דער ענין השמחה, און סיי דער ענין פון השפעת גשמיות:

דער ענין השמחה – ווי דער אַלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת[64] דאָס וואָס מ'זאָגט אין דער הפטורה פון שבת שלפני ר"ה „שוש אשיש בה' תגל נפשי באלקי"[65] אַז די עבודה פון ר"ה איז אין אַן אופן פון „גילו ברעדה"[66] (אַז „בהתגלות נראית ו־נגלית בחינת רעדה", אָבער „תוכו רצוף השמחה"):

און דער ענין פון השפעת גשמיות – ווי דער אַלטער רבי ברייגנגט אין לקו"ת[67] אַז „עיקר הדין[68] שבר"ה הוא על הגופות . . עניני עוה"ז" (ש„הרחמים נמשכים כ"כ למטה . . עד שיהיו השפעותם בגשמיות").

און פון ר"ה ווערט עס נמשך על כל השנה כולה – אַז ס'זאָל זיין אַ שנה של שמחה, און אַ שנה של עבודת ה' מתוך שמחה וטוב לבב, וויבאַלד אַז דער אויבערשטער גיט אַלע ענינים גשמיים בהרחבה.

יב. ועד"ז איז מודגש דער ענין פון השפעת הגשמיות און שמחה אין די הכנה צו יוהכ"פ[69] – וואָס הויבט זיך אָן שבעה ימים קודם יוהכ"פ, „שבעת[70] ימים קודם יום הכפורים מפרישין כהן גדול כו'":

בערב יוהכ"פ (עיקר ושלימות ההכנה לעיוהכ"פ) איז מען מרבה באכילה ושתי' „כמו שיעור ב' ימים"[71] (אַ ריבוי אין גש־מיות באופן פון „כפלים"), און דורך דעם האָט מען די מעלה פון עבודת יוהכ"פ, כמארז"ל[72] „כל האוכל בתשיעי . . כאילו התענה תשיעי ועשירי".

ויש לומר אַז אין דערויף איז דאָ נאָך אַ גרעסערע מעלה ווי יוהכ"פ, ע"ד ובדוגמת די מעלה פון פורים לגבי יוהכ"פ, ביז אַז יום הכפורים ווערט אָנגערופן „כ־פורים" (בכ"ף הדמיון)[73], וויבאַלד אַז די ענינים וואָס מ'טוט אויף דורך דעם תענית פון יוהכ"פ, טוט מען אויף אין אַ העכערן אופן דורך דעם „משתה ושמחה" פון פורים, ועד"ז י"ל בנוגע צו די אכילה ושתי' בערב יוהכ"פ – אַז דאָס איז ע"ד ובדוגמת סעודת פורים שלמעלה מיוהכ"פ.

און דערפון איז פאַרשטאַנדיק אַז ב־ערב יוהכ"פ קומט צו אויך אין דעם ענין השמחה[74] ע"ד ובדוגמת שמחת פורים – שמחה שלמעלה מהגבלה („עד דלא ידע"[75]).

יג. ויה"ר אַז יעדערער פון די שלו־חים, בתוככי כלל ישראל, זאָל משלים

64) נצבים מז, א ואילך.

65) ישעי' סא, יו"ד.

66) תהלים ב, יא.

67) דרושי ר"ה נט, ב.

68) בלקו"ת שם: „עיקר הדין", אבל בהגמ"י (שהובא בלקו"ת שם): „אדם נדון כו'", דין סתם.

69) נוסף על שייכותו לר"ה, כמ"ש רבינו הזקן בלקו"ת (שם נח, א) ש„יוהכ"פ נק' ג"כ ר"ה בכתוב (יחזקאל מ, א) והוא בחי' נשמה ופנימיות כו'".

70) ריש מס' יומא.

71) סידור אדה"ז לאחרי סדר כפרות. אשל אברהם לשו"ע או"ח ר"ס תר"ד.

72) יומא פא, ב.

73) תקו"ז תכ"א (נז, ב). וראה תו"א מג"א צה, סע"ד ואילך. צט, ד ואילך. ובכ"מ.

74) נוסף על השמחה שבעבודת התשובה שהיא למעלה מהשמחה שבכל המצוות כיון שעל ידה מתקנים ומשלימים העבודה דקיום כל המצוות, ו־עאכו"כ בנוגע לתשובה דערב יוהכ"פ ויוהכ"פ, תשובה עילאה, שהיא בשמחה רבה (אגה"ת פי"א).

75) מגילה ז, ב.

זיין (און שוין משלים געווען) די שליחות לעשות לו ית' דירה בתחתונים, האָבנדיק שוין אַ כתיבה וחתימה טובה וגמר חתימה טובה[76] לשנה טובה ומתוקה, און האָבנדיק שוין אַלע ברכות („וזאת הברכה אשר ברך משה גו' לעיני כל ישראל") מיט אַלע אותיות האל"ף־בי"ת (כנ"ל ס"ו), און אין אַן אופן פון הולך ומוסיף ואור, „ילכו מחיל אל חיל"[*], ביז צו די ברכה העיקרית — כהמשך וסיום הכתוב „יראה אל אלקים בציון", אין ירושלים עיר הקודש, הר ה־קודש, בית המקדש און קדש הקדשים — גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

ולהעיר, אַז די גאולה האמיתית וה־שלימה איז נאָכמער מודגש קומענדיק פון תקיעת שופר דראש השנה (און תקיעת שופר במילואה ובשלימותה — אין ביידע טעג פון ר"ה), ווי מ'זאָגט אין פסוקי שופרות „והי' ביום ההוא יתקע בשופר גדול"[77], און מ'איז מסיים וחותם פסוקי שופרות[78] מיט דער ברכה ותפלה „תקע בשופר גדול לחרותנו".

ויה"ר והוא העיקר — אַז יעדערער פון אונז זאָל ווערן אַ „שליח"[79] אויף אָנזאָגן זיך, זיינע בני בית און אַלע אידן אַרום אים, אַז „הנה זה בא"[80], „הנה אלקינו זה גו' זה ה' קוינו לו"[81] (ב"פ זה[82]), והנה דוד מלכא משיחא, און אַז אליהו הנביא איז שוין מיט אַ טאָג פריער געווען אין טבריא[83] און האָט אָנגעזאָגט וועגן ביאת משיח צדקנו.

ויש לומר, אַז וויבאַלד משיח קען קומען יעדער טאָג, „אחכה לו בכל יום

76) ראה לקוטי לוי"צ אג"ק ע' רי: „בפרט ה־כתיבה היא בר"ה והחתימה ביוהכ"פ כו' אך בכלל הן הכתיבה והן החתימה נעשית בר"ה, וכמא' (ר"ה טז, סע"ב) צד"ג נכתבין ונחתמין לאלתר לחיים, וכמו שאומרים בליל ר"ה לשנה טובה תכתב ותחתם, וממה שאומרים זה בליל ר"ה ולא ביום, וקודם תק"ש, מוכח מזה שהכתיבה והחתימה לטוב נעשית עוד קודם תק"ש, ובליל ר"ה . . אך שיוגמר הכתיבה והחתימה לטוב („גמר חתימה טובה") הוא ע"י תק"ש כו'".

ולהעיר משו"ע אדה"ז או"ח סו"ס תקפב: „אין לומר דבר זה (לשנה טובה כו') ביום ב' של ר"ה אחר חצות היום, לפי שכבר נגמרה הכתיבה של ר"ה" (כתיבה ולא חתימה) — בהמשך למ"ש לפנ"ז „נוהגין שכל או"א אומר לחבירו לשנה טובה תכתב" (ואינו מזכיר החתימה), אבל, למנהגנו (ע"פ מ"ש אדה"ז בסידורו) לומר „לשנה טובה תכתב ותחתם", הרי ביום ב' של ר"ה אחר חצות היום (שאז „אין לומר דבר זה") כבר נגמרה גם החתימה.

וע"פ מ"ש אאמו"ר ש„הכתיבה והחתימה לטוב נעשית עוד קודם תק"ש, ובליל ר"ה . . אך שיוגמר הכתיבה והחתימה לטוב הוא ע"י תק"ש כו'" — אולי יש מקום לאמירת „לשנה טובה תכתב ותחתם" גם בליל ב' דר"ה, קודם תק"ש דיום ב' דר"ה, כיון שגמר (ושלימות) הכתיבה והחתימה לטוב הוא ע"י תק"ש (דיום ב' דר"ה), משא"כ ביום ב' דר"ה אחר חצות (לאחרי תק"ש) „אין לומר דבר זה", לפי ש־כבר נגמרה הכתיבה והחתימה*. ועצ"ע.

*) ועפ"ז יומתק שבסידור כותב רק „נוהגין בליל ראשון של ר"ה לומר לחבירו לשנה טובה תכתב ותחתם" (ואינו מוסיף אודות הזמן שאין לומר דבר זה), ובשו"ע מוסיף „ואין לומר דבר זה ביום ב' של ר"ה אחר חצות".

77) ישעי' כז, יג.

78) וגם הסיום וחותם דמלכיות וזכרונות, כמובן גם ממארז"ל (ר"ה טז, סע"א. וש"נ) „אמרו לפני מלכיות כו' זכרונות כו' ובמה בשופר".

79) להעיר מהשייכות ד„שליח" ל„משיח" (גאו־לה) — כי „שליח" בתוספת יו"ד (עשר כחות הנפש שבהם ועל ידם נעשית עבודת השליחות) בגימטריא „משיח" (ראה בארוכה שיחת ליל שמח"ת תשמ"ו (לקו"ש חכ"ט ע' 358 ואילך)).

80) ל' הכתוב — שה"ש ב, ח.

81) ישעי' כה, ט. וראה תענית בסופה.

82) שמו"ר ספכ"ג.

83) ראה עירובין מג, ב: „אתא אליהו מאתמול . . לבית דין הגדול", וב"ד הגדול „בטבריא עתידין לחזור תחילה" (רמב"ם הל' סנהדרין ספי"ד).

שיבוא"[84], און אליהו הנביא דאַרף אָנזאָגן אַ טאָג פריער אויף ביאת המשיח — קומט אליהו הנביא אין טבריא בפועל ממש יע־דער טאָג און זאָגט אָן אויף ביאת המשיח (במיוחד) צו די וואָס שטייען אין אַ מעמד ומצב פון „אחכה לו בכל יום שיבוא" — אויך די וואָס זאָגן דאָס ניט בדיבור (כ־מנהג חב"ד)[85], נאָר מ'טראַכט וועגן דעם, ובפרט ווען מ'זאָגט אין דעם באַוואוסטן קאַפיטל תהלים[86] „מצאתי דוד עבדי ב־שמן קדשי משחתיו", כולל אויך אַז די מחשבה איז אין אַן אופן פון „היסח ה־דעת"[87] (למעליותא), „למעלה[88] מבחי' ה־דעת"[89] — „מצאתי דוד עבדי", אין אופן פון מציאה וואָס קומט בהיסח הדעת, כ־מארז"ל[87] „שלשה באין בהיסח הדעת . . משיח מציאה".

און אין דערויף קומט צו אַ ספּעציעלע הדגשה היינטיקן יאָר — סיי מצד דעם קאַפּיטל תהלים אין וועלכן מ'זאָגט „מצא־תי דוד עבדי בשמן קדשי משחתיו", און סיי מצד די שלימות פון ארבעים שנה וואָס דעמולט איז שוין „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע"[90], ובפרט נאָך דעם וואָס מ'איז שוין אַריין (ושבעה ימים) אין שנת הנ"א (ה'תנש"א), וואָס אידן האָבן איר אָנגערופן (און מפיץ געווען) מיטן ר"ת „אראנו נפלאות".

וכן תהי' לנו — מ'זאָל זען בפועל ממש דעם „(כימי צאתך מארץ מצרים) אראנו נפלאות" אין דער גאולה האמיתית וה־שלימה ע"י משיח צדקנו, ותיכף ומיד *ממש*.

און מ'איז ממשיך ומסיים די הכנה צו יוהכ"פ, ועאכו"כ די עבודה פון יוהכ"פ עצמו — אין ארצנו הקדושה, אין ירושלים עיר הקודש, אין בית המקדש, ביז אין קדש הקדשים, ניט נאָר אין אַן אופן פון „ונשלמה פרים שפתינו"[91], נאָר אין אַן אופן פון „ותחזינה עינינו (בשובך לציון ברחמים)", אַז מ'זעט די עבודה פון יוהכ"פ דורך אהרן הכהן (וויבאַלד אַז „משה[92] ואהרן עמהם"[93]) אין בית המקדש השלישי („מקדש אדנ־י כוננו ידיך"[94]), ביז אין קדש הקדשים, וואָס דאָרטן ווערט געטאָן די עבודה העיקרית והמיוחדת פון יוהכ"פ.

ועוד והוא העיקר — *בפועל ממש*, ותיכף ומיד ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו שטר של דולר, ליתנו (או חילופו) לצדקה].

---

84) עיקר הי"ב מי"ג עיקרים.

85) ראה לקו"ש ח"ט ע' 282 ואילך.

86) פט, כא.

87) סנהדרין צז, א.

88) אגה"ק ס"ד.

89) ע"ד הענין ד„עד דלא ידע" (ראה לעיל ס"ב).

90) תבוא כט, ג.

91) הושע יד, ג.

92) להעיר ממחז"ל שמשה רבינו שימש ב־כהונה גדולה כל ימי חייו (ראה זבחים קב, א וב־פרש"י. וראה בארוכה לקו"ש חל"ב צו תשמ"ט). אבל, מסתבר בפשטות שעבודת יוהכ"פ (היתה ו)תהי' ע"י אהרן הכהן.

93) ראה יומא ה, ב. תודי"ה אחד — פסחים קיד, סע"ב.

94) בשלח טו, יז.

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א ערב יום הכפורים בביהכנ"ס אחרי תפלת מנחה, ה'תנש"א

א. אַ גאַנץ יאָר האָט מען דעם כלל אַז „פותחין בברכה"[1], עאכו"כ אין די „עשרה ימים שבין ראש השנה ליום הכפורים"[2] [וועלכער „נקרא ג"כ ראש השנה בכתוב"[3]] – וועלכע זיינען די פתיחה וראש (אויך) פון די ברכות אויף כל השנה כולה[4]. און אין די טעג גופא – בפרט אין דעם טאָג פון ערב יום הכפורים.

צווישן אַלע ברכות – איז אַממייסטנ'ס צוגעפּאַסט (צו אָנהויבן דער „פותחין בברכה" מיט) דער נוסח הברכה פון ברכת כהנים[5], די ברכה וועלכע דער אויבערשטער האָט אים אַליין אויסגעקליבן בתורתו הקדושה[6], און האָט אָנגעזאָגט און געגעבן כח די כהנים, אַז מיט דער ברכה זאָלן זיי בענטשן אידן („כה תברכו את בני ישראל") בכל יום[7]

– ווי מ'פירט זיך בפועל אין ארץ ישראל (עכ"פ בכמה מקומות) – נשיאת כפים בכל יום[8], אָדער עכ"פ בכל שבת [ווי עס פירט זיך בכמה ספרד'ישע קהילות אויך בחוץ לארץ], און בכל הקהילות, אויך אין חוץ לארץ – וואו מ'איז נושא כפים נאָר ביו"ט[9] – זאָגט יעדער איד דעם נוסח פון ברכת כהנים בכל יום בברכות השחר[10] [נוסף אויף דעם וואָס דער שליח ציבור[11] זאָגט עס בכל יום בסוף תפלת העמידה[12]],

1) ע"פ פתיחת אגרת הראשונה באגה"ק שבתניא. וראה לקו"ש חכ"ד ע' 641 בהערה.

2) לשון חז"ל – ר"ה יח, א.

3) „יחזקאל ר"ס מ"ם" – לקו"ת דרושים לר"ה נח, א. סד, א. וראה תוד"ה ואת – נדרים כג, ב. רא"ש סוף יומא.

4) כי ההשפעה דבחי' ראש (דראש השנה ודיוהכ"פ) נמשכת בימים אלו במיוחד (שבין ראש השנה ויוהכ"פ, שבהם נעשה בנין המלכות – פע"ח שער ר"ה. שער הכוונות דרושי ר"ה. סידור האריז"ל סדר עשי"ת). נוסף על זה שכל ימי חודש תשרי – אותיות רשית (בעה"ט עה"פ עקב יא, יב) – הם ימים כלליים שמהם נמשך על ובכל השנה כולה (מאמרי אדה"ז תקס"ו ע' שעט. אוה"ת סוכות ע' א'תשנו. ברכה ע' א'תתסו. סה"מ תרנ"ד ע' לו. תרנ"ו ע' רעח. תש"ב ע' 49).

5) וכידוע המנהג שברכת הבנים (וכיו"ב) בערב יוהכ"פ תהי' בברכת כהנים (ראה ברכת ערב יוהכ"פ (להת' שי') תשמ"ז ס"ב. וש"נ). – השייכות (והכח) דברכת כהנים לכל א' מישראל (גם ישראלים) – ראה בארוכה בברכה הנ"ל, ובברכת ערב יוהכ"פ (לאחרי תפלת מנחה) תשמ"ח.

6) נשא כב, ו ואילך.

7) שו"ע אדה"ז או"ח ריש סקכ"ח, ובהנסמן ב„מ"מ וציונים" לשם.

8) ראה שו"ע אדה"ז שם סנ"ז (מב"י סו"ס קכח ד"ה כתב האגור): יישר כחם של בני א"י וסביבותיהם שנ"כ בכל יום כתיקון חכמים (לברך בכל תפלה – כמ"ש שם לעיל ס"א) ומקיימים ג' מ"ע בכל יום.

9) ב"י שם. רמ"א שם סמ"ד. ובארוכה – שו"ע אדה"ז שם. וש"נ.

ולהעיר שאדה"ז רצה להנהיג שישאו כפים (גם בחו"ל) בכל יום, ולא עלתה בידו (ראה לקו"ש חי"ח ע' 448). וי"ל שהברכה דנשיאת כפים של הכהנים בארץ ישראל בכל יום נמשכת גם לבנ"י שבחו"ל (ע"ד מאחז"ל (תענית י, א) שמתמצית א"י שותה כל העולם כולו). ובפרט ע"י הכהנים שמכוונים גם עבור בנ"י שבחוץ לארץ, ע"ד „אחיהם שבשדות" (ראה סוטה לח, סע"ב. טושו"ע או"ח שם סכ"ה. שו"ע אדה"ז שם סל"ח).

10) לאחרי ברכת התורה – תוד"ה משכבר (ברכות יא, ב) מנהג „הצרפתים". שו"ע או"ח סמ"ז ס"ט. שו"ע אדה"ז שם סמ"ז.

11) אבל לא יחיד (שו"ע אדה"ז או"ח סקכ"א ס"ג), משא"כ אמירת ברכת כהנים בברכות השחר היא גם ע"י יחיד.

12) שהוא בדוגמת וכנגד נשיאת כפים ע"י

און די כהנים זאָגן די ברכה בפרהסיא, ובקול רם, און דוקא בלשון הכתוב בלשון הקודש („כה תברכו")[13].

וואָס דעריבער איז מתאים אַז דער „פותחין בברכה" זאָל זיין מיט דעם נוסח פון ברכת כהנים, בפרהסיא ובקול רם ובלשון הכתוב, צוזאַמען מיט דער הקדמה וסיום לזה אין תורה שבכתב (ווי מ'זאָגט עס בכל יום בבוקר בברכות השחר קודם התפלה):

„וידבר ה' אל משה לאמר, דבר אל אהרן ואל בניו לאמר, כה תברכו את בני ישראל אמור להם, יברכך ה' וישמרך, יאר ה' פניו אליך ויחנך, ישא ה' פניו אליך וישם לך שלום, ושמו את שמי על בני ישראל ואני אברכם".

ב. דער נוסח הברכה איז כולל אין זיך אַלע ברכות[14], סיי הרוחניות, סיי הגשמיות (סיי די ענינים עיקריים און סיי די ענינים וואָס זיינען ניט אַזוי עיקריים) — ווי פאַרשטאַנדיק ע"פ הנ"ל, אַז דאָס איז דער נוסח הברכה וואָס דער אויבער־שטער האָט אויסגעקליבן בתורתו הק', די ברכה וועלכע ער האָט אָנגעזאָגט די כהנים אַז דערמיט זאָלן זיי בענטשן אידן אין אַלע זייערע ענינים.

ועפ"ז יומתק דעם טעם פאַרוואָס מ'האָט איינגעשטעלט זאָגן ברכת כהנים בכל יום בברכות השחר, דלכאורה: דער טעם אויף דעם וואָס מ'האָט קובע געווען זאָגן (גלייך נאָך ברכת התורה) די פסוקים פון ברכת כהנים איז „לשם לימוד" („ולא משום זכר לנשיאות כפים")[15], בכדי אַז נאָך ברכת התורה זאָל מען גלייך מקיים זיין מצות תלמוד תורה (דורך זאָגן דברי תורה)[16]. האָט מען דאָך לויט דעם געקענט אויסקלייבן צו זאָגן אויך אַן אַנדער ענין אין תורה[17], ובפרט אַן ענין הכי עיקרי וכללי בתורה — ווי די עשרת הדברות (וועלכע זיינען „כללות כל התורה"[18]), אָדער „שמע ישראל" אָדער אויך „והי' אם

---

הכהנים, שלכן אומרים זה דוקא בעשרה ולא ביחיד (כבהערה הקודמת), „כי בציבור נתקנה כנגד נשיאת כפים שאינה אלא בעשרה", „לפיכך אף הש"ץ א"א במנחה כו' מפני שאין נ"כ במנחה כו' משום חשש שכרות" (שו"ע אדה"ז שם).

13) סוטה לח, א. ספרי נשא שם, כג. רמב"ם הל' נ"כ פי"ד הי"א. שו"ע אדה"ז שם סכ"ג (וראה בהנסמן ב„מ"מ וציונים" לשם).

14) ראה ספרי נשא שם, כב־כז. ועוד.

15) שו"ע אדה"ז או"ח סמ"ז ס"ז, ממג"א שם סק"ח. ולכן „אומרין אותה אפילו קודם אור הבוקר אע"פ שאין נשיאת כפים בלילה" (שם), דלא כדעת הרש"ל (הובא במג"א ובאה"ט שם) „לומר קודם אור הבוקר פסוקים אחרים כיון שאין נשיאות כפים בלילה".

ודיוק לשון אדה"ז שם הוא „ולא משום זכר לנשיאות כפים"*, „זכר" דוקא — כי אפילו לדעת הרש"ל אמירת פסוקים אלו הוא ע"י כ"א מישראל (לא ע"י כהנים בלבד), ואינו אלא „זכר לנשיאות כפים" (וראה שו"ת מהרש"ל סי' סד), כפשוט. אבל גם בתור זכר לזה (כדעת הרש"ל) יש מקום לומר שאין אומרים זה בלילה כיון שזה זכר לנשיאות כפים ואין נ"כ בלילה (ע"ד מ"ש בשו"ע שבהערה 12 בנוגע לאמירתה ע"י הש"ץ, שגם זה אינו כמו נשיאות כפים של הכהנים, ומ"מ נתקנה בעשרה וא"א זה בזמן מנחה כיון שנתקנה כנגד נ"כ). ולדעת המג"א ואדה"ז, שזהו „לשם לימוד" („ולא משום זכר לנשיאות כפים"), אומרים אותה גם קודם אור הבוקר.

16) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ברכת התורה. וש"נ.

17) להעיר משו"ת מהרש"ל שם: אני נוהג לומר ג' פסוקים של תורה והן לא תלך רכיל וגו' עד ואהבת לרעך וגו' שהוא שקול ככל התורה, ואח"כ ג' מנביאים כו', ע"ש.

18) תניא רפ"כ. וראה תו"ש יתרו כרך טז מילואים אות א. וש"נ.

---

*) ולכאורה זהו הכוונה גם בבאה"ט שם: ולא מטעם נשיאת כפים.

שמוע" (אַז ענין כללי בעבודת ה' – "יקבל עליו עול מלכות שמים (בשמע ישראל)[19] ואח"כ יקבל עליו עול מצוות" (בוהי' אם שמוע)[20], וכיו"ב?

ויש לומר דעם ביאור אין דעם: ווי־באַלד אַז דאָס קומט בהמשך צו די י"ח (כ')[21] ברכות השחר (און אַלס הקדמה צו די תפלות ובקשות אין תפלת שחרית בכלל), וועלכע זיינען כולל בפשטות כל צרכי ישראל – האָט מען איינגשטעלט אַז די דברי תורה (וואָס קומען בהמשך צו ברכת התורה) זאָלן זיך אָנהויבן מיט ברכת כהנים, וועלכע איז אַ ברכה כללית[22], הכוללת כל הברכות כולן[23].

נאָכמער: ברכת כהנים האָט אין זיך דעם אויפטו, אַז נוסף צו דער מעלה פון ברכה בכלל – וועלכע איז מגלה וממשיך פון המקור (של הברכה)[24] – האָט עס אויך די מעלה פון תפלה, וועלכע טוט אויף אַ רצון חדש – "יהי רצון"[24] [ווי מ'זאָגט עס אויך בסיום תפלת העמידה בכל יום, בימי החול און אויך בשבת ויו"ט], וואָס דורך דעם ווערן געשאַפן נייע ברכות והמ־שכות, וועלכע נעמען זיך פון העכער פון מקור הברכה, און [אין תפלה עצמה האָט ברכת כהנים די מעלה לגבי שאר התפ־לות, אַז] זיי ווערן זיכער[25] נמשך – במהי־רות בלי עיכוב – למטה מטה, אין גשמיות העולם[26]. ביז – אויך דעם מבטל און מהפך זיין דינים וגבורות[27].

וואָס עפ"ז יומתק פאַרוואָס מ'זאָגט ברכת כהנים בכל יום קודם התפלה – (אויך) אַלס (תוספת) הכנה ונתינת כח צו אויפטאָן[28] און אַראָפּברענגען ל־

19) להעיר שעומ"ש קשור במיוחד לענין ברכת התורה – כמובן מביאור הב"ח (או"ח סמ"ז ד"ה ומ"ש דאמר).

20) ברכות פ"ב מ"ב.

21) ראה שער הכולל פ"א אות יב. וש"נ.

22) וראה מעדני חמודות לרא"ש ברכות פ"א ס"ג: טעם דסמכו אלו פסוקים לפי שרצו לסדר ג' פסוקים כדרך הקורא בתורה דתנן במגילה (פ"ד מ"ד) שלא יפחות מג' פסוקים. ולכך התקינו אלו שיש להם ברכה. ויומתק עוד יותר ע"פ המבואר בפנים.

23) היינו: באמירת נוסח ברכת כהנים זו יש ב' המעלות – מעלת התורה*, ומעלת הברכה** (וראה אוה"ת במדבר (הוספות) ס"ע א'תמג ואילך), נוסף על מעלת התפלה (כדלקמן בפנים, שבברכת כהנים יש בה הן מעלת הברכה והן מעלת התפלה).

*) וראה סה"מ מלוקט ח"ד ע' שטו־שטז, ש־מעלת ברכת כהנים היא כמו מעלת התורה.

**) שהרי גם לדעת המג"א ואדה"ז (שזהו "לשם לימוד" ולא "משום זכר לנשיאות כפים", כנ"ל הערה 15 – הרי בפועל אומרים הנוסח דברכת כהנים כפי שנאמר בתורה. ובפרט דכל הקורא ושונה בתורה הקב"ה קורא ושונה כנגדו, היינו שזהו כמו לימודו ובמילא ברכתו של הקב"ה בעצמו (כדלקמן בפנים). ועאכו"כ לדעת הרש"ל שיש בזה גם זכר לבר"כ.

24) ראה לקו"ת ראה יט, א. אוה"ת ויחי תתשכה, ב. שמיני ע' כו. ע' כט. ד"ה פדה בשלום תרע"ה. מקומות שבהערה הבאה. ועוד.

25) משא"כ בתפלה בכלל – ה"ז בקשה של אדם המתפלל (מלמטה למעלה) לפעול רצון חדש למעלה, ואין ודאות שתתמלא הבקשה, ואילו ברכה (מלמעלה למטה) היא בלשון ציווי (או בלשון הבטחה), שבודאי נמשכת ההמשכה (ראה מקומות שבהערה 24): ובברכת כהנים ב' המעלות (ראה אוה"ת נשא ע' ער ואילך. ד"ה כה תברכו תרכ"ו, תרנ"ד. ד"ה אריב"ל תרכ"ט. לקו"ש ח"י ע' 41).

26) ראה לקו"ת ס"פ קרח. סהמ"צ להצ"צ מצות ברכת כהנים – קיב, א. ועוד.

27) ראה זח"ג קלג, ב. קמה, סע"ב ואילך. מקומות שבהערה הקודמת.

28) ולהעיר מאוה"ת נשא ע' רעו (וכ"ה באוה"ת במדבר (הוספות) ע' א'תמט): "אומרים ברכת כהנים בתפלה (לאחרי הודאה – ברכות יח, א), כי הברכה מצד עצמה אין בה כח זה (להמשיך רצון חדש) כי זה רק כח התפלה, אבל ברכת כהנים שהיא בתפלה יש

**מטה[29] (בלי עיכוב)[30] די המשכות חדשות וואָס ווערן אויפגעטאָן דורך די תפלות.**

**ג. דער ענין [המשכת כל הברכות בברכת כהנים ממקום שלמעלה ממקור הברכה ובאופן שנמשך למטה מטה] איז נאָכמער אונטערשטראָכן אין דעם סיום וחותם פון דעם נוסח הברכה הנ"ל — "ואני אברכם":**

**"ואני אברכם" גייט אויף דער ברכה פון דעם אויבערשטן. דאָס הייסט, אַז נוסף צו דער ברכה פון (די כהנים) "יברכך ה' וגו'", קומט צו די ברכה פון דעם אויבערשטן אַליין ("אני")**

**— לויט ביידע פירושים (דיעות) אין דעם[31]: (א) "ואני אברכם" — לכהנים, "כהנים מברכין לישראל והקב"ה מברך לכהנים"[32], (ב) "ואני אברכם" — לישראל, "כהנים מברכין לישראל והקב"ה מסכים על ידם", ועפ"ז איז די ברכה צו אידן "מפי גבורה"[33] נוסף אויף "מפי כהנים" [און לויט דער דיעה איז "ברכה לכהנים מנא לי"? "מואברכה מברכיך"[34]]. —**

**דער לשון "אברכם" סתם אָן קיינע פרטים) איז כולל — נוסף (כפשוט) אויף די ברכות המפורשות אין די פסוקים פון ברכת כהנים — אַלע ענינים וואָס גייען אַריין בכלל ברכה ("אברכם").**

**און נאָכמער: מ'איז מוסיף "ואני**

---

בה הכח לברך שיהי' קיבול התפלה בבחי' ישא ה' פניו כו'". ועפ"ז נמצא שברכת כהנים מצ"ע אין בה כח התפלה, וכח התפלה שבה היא ע"י (אמירת ברכת כהנים ב)תפלה [וההוספה של בר"כ היא — לברך שיהי' קיבול התפלה].

אבל בד"ה כה תברכו תרכ"ו (ע' קלא) ובד"ה אריב"ל תרכ"ט (ובארוכה בלקו"ש ח"י ע' 38 ואילך. וראה גם סד"ה כה תברכו תרנ"ד) משמע, שבברכת כהנים מצ"ע יש בה מעלת התפלה, כי הכהנים המברכים עושים זאת בשליחותו של הקב"ה, ושלוחו של אדם (העליון*) כמותו (קידושין מא, ב. ושי"נ), ובברכת הקב"ה יש בה גם מעלת התפלה**. ואולי י"ל, שהמבואר באוה"ת שם הוא בנוגע לגילוי כח התפלה בבר"כ (אף שיש בה מצ"ע כח התפלה***), שזה נעשה ע"י שבר"כ הוא חלק מהתפלה ובאה לאחרי הודאה.

29) וראה סה"מ מלוקט ח"ד שם ע' שטז־יז.

30) וראה לקו"ת וסהמ"צ שם, החידוש דברכת כהנים, שבשאר התפלות "שמבקשים בכל יום ומתפללים רפאנו ה' ברך עלינו", אף ש"עיקר דינו של האדם הוא בר"ה ויוה"כ" — ה"ז מפני "כי מה שנכתב ונחתם בר"ה ויוהכ"פ היינו שנמשך לו חסד על נפשו והחסד ההוא הנמשך מא"ס ב"ה הוא למעלה עדיין כו', למעלה מעלה ממהות השפעת גשמיים", ולכן צ"ל התפלה בכל יום כו' (ראה הקדמה לדרך חיים. סהמ"צ להצ"צ קו, ב. קונטרס ומעין ע' 114 ואילך) כדי שיומשך השפעות הגשמיות בעשי' כצרכי הנפש בגוף, כי "השפעת חסד זה הוא מתעכב ושוהה עד שנמשך ובא למטה שהרי בכל השתלשלות מהיכל להיכל הוא ע"י משפט [שעל זה נדון האדם בכל יום — ר"ה טז, א] אם ראוי הוא שיומשך ההשפעה למטה ומעיינים בדינו ויש מי שמקטרג לומר שחטא ואינו ראוי לזה". משא"כ בברכת כהנים השפע "נמשכת במהירות דרך כל העולמות באין מונע ומעכב ואין מעיינים בדין כלל", ועד שכל הדינין מתעברין ומתבטלין מחמת השפעת והמשכת החסד שע"י ברכת כהנים.

31) חולין מט, סע"א.

32) וגם לדיעה זו ישראל מתברכין מפי ה־גבורה, ואי"צ לזה קרא מיוחד (ובלשון התוס' חולין שם ד"ה והקב"ה: "פשיטא דמסכים, כיון שציוה להם לברך") — כמשנ"ת במ"א (לקו"ש ח"י ע' 42).

33) וגם לדיעה זו הכהנים מתברכים מהקב"ה עצמו — "ואברכה מברכיך".

34) לך לך יב, ג.

---

*) ראה לקו"ת ויקרא א, ג.

**) ובנדו"ד — בנוגע לנוסח ברכת כהנים בברכות השחר (ע"י כל א' מישראל) — מובן שעיקר כח התפלה שבה בא בהיותה חלק מהתפלה (כבאוה"ת שם).

***). ובפרט מצד הענין ד"ואני אברכם" (כדעת רע"ק, כדלקמן בפנים), וראה גם אוה"ת שם ע' רעז.

אברכם" (ניט „ואברכם" אַליין, וואָס מיינט אויך „איך וועל זיי בענטשן"), אַז די ברכות קומען פון „אני" — דער אויבערשטער, מקור כל הברכות (ש„אברכם"),

ביז אַז דאָס גייט אויף „אני" — ווי דער אויבערשטער איז העכער פאַר מקור הברכות און העכער פאַר שמות ותוארים בכלל, און דער איינציקער אופן ווי מ'רופט אים אָן איז „אני" [דלא אתפס בשם ולא אתרמיז בשום אותא וקוצא כלל[35]] — דער אני ויש האמיתי, עצמותו ומהותו ית'[36],

ובכללות איז דאָס כולל אויך „אנכי"[37] — וואָס האָט דעם זעלבן פירוש און אותיות פון „אני" בתוספת כ', ר"ת כתר[38], וועלכער איז כולל אַלע ענינים אין כתר, ביז ווי כתר איז פאַרבונדן מיט דעם „אני" האמיתי — עתיקא ביז עתיקא דעתיקא.

און דוקא פון „אני" (יש האמיתי) ווערט „אברכם", די המשכת ברכות צו אידן, ביז למטה מטה אין זייערע ענינים גשמיים[39].

ואדרבה — דער גילוי פון דעם יש האמיתי איז דוקא אין דעם יש הנברא, כידוע[40].

דאָס הייסט, אַז נוסף צו דעם וואָס ברכת כהנים בכלל טוט אויף המשכת כל הברכות, ביז אַ המשכה חדשה („יהי רצון") פון אַן אָרט וואָס איז העכער פאַרן מקור הברכות, און דאָס ווערט נמשך למטה מטה — ווערט דאָס נאָכמער אויפגעטאָן דורך „ואני אברכם" (דער סיום וחותם פון דער פרשה) — אַז פון דעם אני האמיתי ווערט נמשך ברכות ביז למטה מטה.

ד. עפ"ז איז אויך פאַרשטאַנדיק דער תוכן פון אמירת פרשת ברכת כהנים בברכות השחר — ועד"ז דאָס וואָס „פותחין בברכה" איצטער מיט דער ברכה:

בשעת מ'זאָגט די ברכות פון ברכת כהנים („יברכך ה' וגו'") און מ'איז מוסיף „ואני אברכם" (בסיום פון פרשת ברכת כהנים), לאחרי וואָס מ'האָט געזאָגט אַלע ברכות השחר שלפנ"ז און די ברכות פון ברכת כהנים עצמה („יברכך ה' גו'") — איז פאַרשטאַנדיק, אַז נוסף צו דעם וואָס דאָס איז כולל די אַלע ברכות המפורשות לפני זה, קומט צו אַ הוספה וחידוש, אַז „ואני אברכם", דער אויבערשטער אַליין, דער אני האמיתי, בענטשט אידן מיט אַלע ברכות;

און בשעת אַ איד זאָגט דאָס אין ברכות השחר (אַלס אַן ענין בתורה), ועד"ז בכל זמן ווען ער זאָגט די ווערטער פון תורה

35) לקו"ת פינחס פ, סע"ב. ושם הוא בנוגע ל„אנכי", אבל מובן שכן הוא גם בנוגע ל„אני" (שהוא למעלה משם ותואר), שהוא בכללות כמו „אנכי", כבפנים וכהנסמן לקמן הערה 38.

36) ראה סד"ה כה תברכו תרכ"ו (ס"ע קלא). סד"ה אריב"ל תרכ"ט.

37) ראה בנדו"ד — אוה"ת נשא ע' רעו (וכ"ה שם במדבר (הוספות) ע' א'תנ), שמקשר „ואני אברכם" עם הברכה שנמשכת מבחי' „אנכי", ש־מצ"ע אא"פ להמשיך ברכה מבחי' אות א' (המורה על אנכי), ולכן התחלת התורה היא באות ב' שהוא סימן ברכה, אבל ע"י עשה"ד שמתחילים בא' אנכי יומשך שגם מבחי' אנכי יומשך הברכה.

38) ראה לקו"ת אמור לד, ד. שה"ש לה, סע"ג.

39) ויש לומר שענין זה מרומז גם בלשון הגמרא שבפנים (בענין „ואני אברכם") „מפי גבורה": „גבורה" הוא תואר שמורה על גדלות וגבורת הקב"ה: ו„מפי גבורה" מורה על ההמשכה והגילוי דגבורתו וגדלותו ית' ע"י ה' מוצאות הפה — גילוי הדיבור להזולת, עד שנמשך בעוה"ז שנברא בה' (מנחות כט, ב), כנגד ה' מוצאות הפה. ועאכו"כ שנמשך בהי' שבו נברא העוה"ב (מנחות שם), ועד שנעשה החיבור דעוה"ז ועוה"ב (גשמיות ורוחניות) ע"י הגילוי ד„פי גבורה" בשניהם יחד, ועיד המבואר לקמן בפנים (ס"ז) בנוגע לחיבור גשמיות ורוחניות בערב יוהכ"פ וביוהכ"פ.

40) ביאורי הזהר בשלח מג, ג. ד"ה ולקחתם לכם תרס"א.

(תורה הנצחית[41]) — איז הקורא ושונה בתורה הקב"ה קורא ושונה כנגדו[42], דער אויבערשטער עצמו זאָגט דעמולט די אַלע פסוקים, כולל דעם סיום וחותם — „ואני אברכם". ויש להוסיף, אַז דער „קורא ושונה כנגדו" איז ניט קיין הגבלה (אַז ניט מער ווי „כנגדו" ח"ו), נאָר אדרבה: דאָס איז בהתאם צו דעם ווי דער אויבערשטער (מצ"ע) איז קורא ושונה, ובנדו"ד — אַז דער „ואני אברכם" איז לפי הישג יד האני, מידו המלאה הפתוחה הק־דושה והרחבה[43] פון דעם „אני" האמיתי.

ה. האמור לעיל — וואָס איז שייך ב־אמירת פרשת ברכת כהנים בכל השנה — איז נאָכמער בהדגשה שטייענדיק אין די עשרת ימי תשובה:

אויף די עשי"ת שטייט „דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב"[44]. אַ תפלה „ביחיד" בימים אלה האָט דעם כח פון אַ תפלה „בציבור" במשך כל השנה[45]. ומזה מובן במכ"ש וק"ו דער כח פון אַ ציבור בימים אלה[46].

דערפון איז פאַרשטאַנדיק דער עילוי וואָס קומט צו אין דער ברכה ותפלה פון ברכת כהנים אין די טעג, במכ"ש פון שאר התפלות: מה־דאָך אַז יעדע תפלה (ביחיד אָדער בציבור) איז ווירקזאַמער אין די עשי"ת, ווען דער אויבערשטער איז „בה־מצאו" און „קרוב", און מ'איז דעמולט מער פאַרזיכערט אַז די תפלה ובקשה („דרשו" און „קראוהו") וועט מקויים ווערן דאָ למטה, אע"פ וואָס דאָס דאַרף אויפטאָן אַ רצון חדש למעלה וכו'[47] (כנ"ל ס"ב): עאכו"כ ברכת כהנים, וואָס אפילו בכל השנה איז זי ממשיך נייע ברכות והמשכות וועלכע ווערן זיכער נמשך למטה (בלי עיכוב), איז אין די עשי"ת (ובפרט אין די זמני התפלה בהם וכיו"ב) טוט אויף ברכת כהנים ביתר שאת וביתר עוז, מער ווי בשאר ימי השנה[48].

און וויבאַלד אַז דער אויבערשטער איז דעמולט „בהמצאו" און „קרוב", איז פאַר־שטאַנדיק אַז דעמולט איז נאָכמער בגלוי די המשכה פון „ואני אברכם", פון דעם „אני" האמיתי, ביז למטה אין גשמיות העולם.

ו. אין די עשי"ת גופא איז די פעולה הנ"ל פון ברכת כהנים נאָך שטאַרקער בערב יום הכפורים[5], וועלכער איז אַן ערב והכנה — ומעין — פון יוהכ"פ עצמו[49], ובפרט בערב יוהכ"פ נאָך תפלת מנחה, ווען עס הויבט זיך שוין אָן דער ענין פון יוהכ"פ, כמובן דערפון וואָס בתפלת מנחה זאָגט מען וידוי, וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט „תחלת זמן הכפרה"[50]:

די שלימות פון „דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" איז ביוהכ"פ (און מעין זה — בערב והכנה ליוהכ"פ), כמובן פון המשך דברי הרמב"ם[51]: „אע"פ שה־

---

41) ראה תניא רפי"ז (כב, ב). ובכ"מ.

42) ראה תדא"ר פ"ח. יל"ש איכה רמז תתרלד.

43) ברכה השלישית דברכת המזון.

44) ישעי' נה, ו.

45) ר"ה יח, א. וראה רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ו.

46) ראה רי"ף לעי' יבמות מט, ב. אוה"ת ש"ש ע' א'תסב. ד"ה דרשו ה' תשמ"ה. ובכ"מ.

47) ובמילא אין זה בודאות כ"כ כמו ההמשכה שנעשית ע"י ברכה, כנ"ל הערה 25.

48) ראה גם אוה"ת נשא ע' רעו השייכות ד־ברכת כהנים עם חודש השביעי בכלל, זמן הסליחה והמחילה.

49) ויתירה מזה: ע"י הסעודה בערב יוהכ"פ יש גם המעלה דיום הכפורים עצמו, כמאחז"ל „כל האוכל ושותה בתשיעי כו' כאילו התענה תשיעי ועשירי", כמשנ"ת לקמן בפנים.

50) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתר"ז ס"א. וראה לקו"ש חכ"ד ע' 562 הערה 1.

51) דלעיל הערה 45.

תשובה והצעקה יפה לעולם, בעשרה הימים שבין ר"ה ויוהכ"פ היא יפה ביותר ומתקבלת היא מיד שנאמר דרשו ה' בהמצאו כו'", און בהמשך לזה שרייבט ער[52]: „יום הכפורים הוא זמן תשובה לכל ליחיד ולרבים והוא קץ מחילה וסליחה לישראל, לפיכך חייבים הכל לעשות תשובה ולהתוודות ביוהכ"פ, ומצות וידוי יוהכ"פ שיתחיל מערב היום קודם שיאכל כו'".

ובלשון הקבלה והחסידות: ביוהכ"פ איז די שלימות ההמשכה (והגילוי[53]) פון די י"ג מדות הרחמים[54] („שהן עליונות מאד"[55]), בחי' רחמים רבים שלמעלה מכל מדידה והגבלה, וועלכע נעמען זיך פון כתר, ביז פון עתיקא און עתיקא שבעתיקא[56], ביז פון עצמותו ומהותו ית',

וואָס דאָס איז דער מקור המחילה והסליחה והכפרה ביוהכ"פ, וכמ"ש[57] „כי ביום הזה יכפר עליכם גו' (יכפר סתם, ולא נאמר מי הוא המכפר[58], ווייל דאָס נעמט זיך פון) לפני הוי' תטהרו" (למעלה מהוי'). ביז אַז דאָס טוט אויף די הפיכה פון אַלע דינים וגבורות.

דערפון איז מובן, אַז די שלימות הפעולה פון ברכת כהנים ביז (דער סיום) „ואני אברכם" — וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט שלימות ענין הברכה ותפלה — איז ביוהכ"פ[59], ווען ס'איז דאָ די שלימות התפלה („דרשו ה' גו'")[60] צוליב דעם וואָס דעמולט איז דאָ די שלימות המשכת הברכה פון די י"ג מדות הרחמים (וואָס דאָס איז אויך דער ענין פון ברכת כהנים[61]), פון „יאר ה' פניו אליך"[62], ביז — פון דעם יש האמיתי[63], „ואני[64] אברכם", דאָ למטה אין עוה"ז הגשמי[65].

ולהוסיף, אַז אין דעם ענין פון די י"ג מדות הרחמים [וואָס שלימות המשכתן איז ביוהכ"פ] איז פאַראַן אַ חיבור פון צוויי קצוות: די י"ג מדות הרחמים זיינען למעלה ממדידה והגבלה. צוזאַמען דערמיט הייסן זיי בשם „מדות", מלשון מדה וגבול. ויש לומר, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס דער שלימות הענין פון „אין סוף", וואָס דערפון ווערן נמשך די י"ג מדות הרחמים, איז כולל אויך די שלימות פון גבול ומדה: אור א"ס כשם שיש לו כח בבלי גבול כך יש לו כח בגבול[66]. וואָס לפי"ז איז דער מדה וגבול למעלה

52) בהלכה ז.

53) ראה ד"ה ולקחתם לכם תרס"א (ס"ע רג).

54) ראה לקו"ת דרושים ליוהכ"פ ע, ב ואילך. אוה"ת שם ע' ב'קלט ואילך. ובכ"מ.

55) ל' הלקו"ת שם, ב.

56) ראה לקו"ת שם.

57) אחרי טז, ל.

58) לקו"ת דרושים לר"ה נד, סע"ד. אחרי כו, ג. אוה"ת דרושים ליוהכ"פ ע' ב'קלט.

59) ראה הברכות שבהערה 5, ששלימות ענין ברכת כהנים הוא ע"י הכהן גדול, בחי' יחידה, וזהו ענינו דיוהכ"פ בכלל (שכל עבודות היום הם בכהן גדול — יומא לב, סע"ב).

60) ראה ד"ה אריב"ל תרכ"ט, ש„דרשו ה' בהמצאו גו'" בעשי"ת הוא מפני שאז מאיר הגילוי די"ג מדה"ר, שעי"ז נעשה המשכת הרצון חדש („יהי רצון") שע"י התפלה. והרי שלימות ענין זה הוא ביוהכ"פ, כנ"ל בפנים.

61) ראה סה"מ תקס"ח ע' קנז.

62) ראה לקו"ת אחרי כו, ד. ראה לב, ב. ועוד.

63) ראה המשך תער"ב ח"ב ע' א'קסט (בביאור הלקו"ת דרושים ליוהכ"פ שם).

64) ראה לקו"ת אחרי (כז, ד), השייכות דיוהכ"פ לבחי' אנכי. ולהעיר שיוהכ"פ הוא יום נתינת לוחות האחרונות (משנה תענית כו, ב ובפרש"י. גמרא שם ל, ב), שהתחלתן: „אנכי".

65) ועפ"פ המבואר בלקו"ת ס"פ קרח (חלק נעתק לעיל הערה 30) יומתק ההוספה דברכת כהנים על ההמשכה דר"ה ויוהכ"פ.

66) עבוה"ק שער א' פ"ח. וראה ד"ה חסידים עת"ר. ד"ה פדה בשלום תרפ"ה. ד"ה בסוכות תש"פכ"ז.

ממדידה והגבלה, דאָס איז ווי מדה וגבול איז אַ חלק פון בלי גבול[67]. ביז נאָכמער: לגבי עצמותו ית', וואָס ער איז מושלל פון אַלע תוארים — „שלילת הגבול ושלילת הבלי גבול"[68] — זיינען בלי גבול און גבול איין זאַך[69]. און דערפון קומט עס אַרויס אין דעם גילוי פון י"ג מדות הרחמים: די שלימות פון בלי גבול רחמים איז בשעת דאָס ווערט נמשך אויך אין מדה וגבול פון די י"ג מדות; ביז אַז עס ווערט איין זאַך — בלי גבול און גבול (מדה).

און פון דער שלימות ההמשכה פון די י"ג מדות הרחמים פון עצמותו ית' ביוהכ"פ, ווערט נשתלשל למטה יותר, אַז עס ווערן נמשך אַלע ברכות, ביז — ברכות וואָס קומען פון למעלה ממקור הברכות — „ואני אברכם", און זיי ווערן נמשך אין גבול ומדה ביז למטה בעוה"ז הגשמי.

ז. מעין דעם גילוי פון יוהכ"פ האָט מען אויך בערב יוהכ"פ, וועלכער איז אַ הכנה צו יוהכ"פ, ובפרט נאָך תפלת מנחה ווען מ'זאָגט וידוי אַלס התחלה פון זמן הכפרה ביוהכ"פ („מצות וידוי יוהכ"פ שיתחיל מערב היום"[52]) — וואָס לאחרי דער תפלה ואמירת וידוי קומט צו נאָכמער שלימות אין דער פעולה פון ברכת כהנים — די המשכה פון למעלה מעלה ביז למטה מטה (כנ"ל ס"ז).

ויש לומר נאָכמער, אַז בערב יוהכ"פ האָט מען אַ כח מיוחד צו אויפטאָן די המשכה (פון ברכת כהנים) מלמעלה מעלה ביז למטה מטה אין גשמיות העולם:

די גמרא זאָגט[70] (והובא בהלכה[71]), אַז „כל האוכל ושותה בתשיעי כו' כאילו התענה בתשיעי ועשירי". ד.ה. אַז די אכילה ושתי' בערב יוהכ"פ (תשיעי) טוט אויף דעם זעלבן ענין ווי דער תענית פון יוהכ"פ (עשירי), און נאָכמער — „כאילו התענה תשיעי ועשירי" (צוויי טעג).

דערפון קומט אויס[72], אַז אין דער אכילה ושתי' בערב יוהכ"פ האָט מען דעם חיבור פוןביידע מעלות — די מעלה פון „התענה" וואָס ווערט דורך יוהכ"פ — „העשירי יהי' קודש"[73], תכלית שלימות הקדושה (קדש הקדשים) והרוחניות (און צוויי טעג דערפון — „כאילו התענה תשיעי ועשירי"), און דער גילוי הקדושה הכי נעלית (דיוהכ"פ) ווערט אויפגעטאָן דורך „אוכל ושותה"[74] (בתשיעי), בתכלית הגשמיות והממשות, באופן אַז דאָס ווערט „דם ובשר כבשרו" הגשמי, אַז ער קען דאָס אַנטאָפּן מיטן גוף הגשמי, אַזוי ווי ער עסט בגופו הגשמי — אַזוי אַז מ'האָט צוזאַמען די מעלה ושלימות פון רוחניות און די מעלה ושלימות פון גשמיות, כמבואר בכ"מ[75] דעם גודל העילוי וואָס איז דאָ דוקא אין גשמיות (תחתונים), אין דעם יש הנברא, ובאופן אַז די רוחניות נעמט אינגאַנצן דורך און שטייט בגלוי אין דער גשמיות, וואָס אין דעם באַשטייט תכלית שלימות השכר לע"ל — אַלס

67) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ג' ערך אוא"ס (א) ע' נח ואילך. וש"נ.

68) המשך תרס"ו ריש ע' קסח. ובכ"מ.

69) ראה ספר הערכים-חב"ד כרך ד' ערך אוא"ס (ד) ע' תב. וש"נ.

70) יומא פא, ב. וש"נ.

71) טור ושו"ע אדה"ז ריש הל' יוהכ"פ.

72) בכל זה — ראה גם ברכת ערב יוהכ"פ תשד"מ (ס"ב — לקו"ש חכ"ד ע' 572), תשמ"ה (ס"ט), תשמ"ו ((ס"ד)— לקו"ש חכ"ט ע' 313 ואילך), תשמ"ז (ס"ח), תש"נ (סה"ש ה'תש"נ ח"א ע' 1־30).

73) בחוקותי כז, לב.

74) ע"ד ובדוגמת המעלה דפורים לגבי כ־פורים (תקו"ז תכ"א — נז, ב) — ראה תו"א מג"א צה, סע"ד. צט, ד ואילך. שם בהוספות קכא, א־ב. אוה"ת מג"א ע' ב'שיז־ח. ביאוה"ז להצ"צ בשלח ע' רלז. ועוד.

75) ראה אגה"ק ס"כ (קל, ב). הנסמן לעיל הערה 40. ובכ"מ.

נשמות בגופים בעוה״ז הגשמי דוקא, כפס״ד הרמב״ן[76].

ויש לומר, אַז פון דעם מאמר הנ״ל קומט אויך אויס (נוסף צו דער מעלה פון ערב יוהכ״פ) אַ מעלה נוספת און אַ שבח נוסף בנוגע צו יוהכ״פ, אַז מ׳האָט (די מעלה פון) יוהכ״פ אין אכילה ושתי׳ גשמית (וואָס מ׳עסט אַלס הכנה לזה), ד״ל אַז די מעלה פון ערב יוהכ״פ (חיבור גשמיות ורוחניות) ווערט אויך נמשך אין יוהכ״פ – ובפרט ע״פ המבואר בכ״מ[77], אַז די אכילה ושתי׳ בערב יוהכ״פ טוט אויף דעם ענין בשביל ערב יוהכ״פ (תשיעי) און בשביל יוהכ״פ (עשירי). ווי דאָס דריקט זיך אויס אין דעם וואָס בערב יוהכ״פ דאַרף מען עסן „כפי[78] שיעור ב׳ ימים ערב יוהכ״פ ויוהכ״פ״[79].

ויש מקום לומר, אַז די מעלה פון יוהכ״פ (אַז דער עילוי פון „התענה״ ביוהכ״פ וועט קענען שטיין בגלוי אין אכו״ש גשמית) וועט נתגלה ווערן לעתיד לבוא בחנוכת ביהמ״ק השלישי (וואָס אחכה לו בכל יום שיבוא[80], היינט ערב יוהכ״פ ממש), ובמכל־שכן וקל־וחומר[81] דערפון וואָס בחנוכת בית ראשון האָבן אידן געגעסן ביוהכ״פ, ביז אַז „יצתה בת קול ואמרה להם כולכם מזומנין לחיי העולם הבא״[82], עאכו״כ בחנוכת בית שלישי (וואָס „גדול[83] יהי׳ כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון״[84]).

ובכללות – וועט מען האָבן לע״ל די שלימות השכר פון חיבור גשמיות ורוחניות, כולל – אכילת הסעודה דלע״ל, סעודת לויתן ושור הבר[85], סעודה גשמית כפשוטה, צוזאַמען מיט דער סעודה רוחנית[86], די אַלע ענינים ומעלות שבשתי אלו[87].

ח. בהנ״ל קומט צו אַ הדגשה מיוחדת אין דער קביעות בשנה זו פון ערב יוהכ״פ און יוהכ״פ – בערב שבת וביום השבת קודש:

יוהכ״פ ווערט אָנגערופן[88] „שבת שבתון״. דערפון איז פאַרשטאַנדיק אַז ענינים פון יוהכ״פ שטייען נאָכמער ב־הדגשה ווען ער קומט אויס (בימי השבוע) ביום השבת קודש.

ובעבודת ה׳: ביוהכ״פ איז די שלימות העבודה פון תשובה עילאה[89] (העכער ווי די תשובה עילאה אין די עשרת ימי תשובה בכללי[90]). וע״פ הידוע אַז ביום

---

76) בשער הגמול בסופו (בהוצאת שאוועל – ע׳ שט). וראה בכ״ז מכתב מוצש״ק כ״ה אלול ה׳תש״נ (נדפס לקמן ח״ב בהוספות).

77) פע״ח שער יוהכ״פ פ״א.

78) פע״ח שם. והובא גם בפוסקים – סידור אדה״ז לאחרי סדר כפרות. אשל אברהם (להרה״צ כו׳ מבוטשאטש) או״ח ר״ס תרד.

79) ויתירה מזה: האכו״ש בערב יוהכ״פ הוא „סוד אכו״ש חיצונית״ שהוא הכנה וכלי ל„סוד אכו״ש פנימית״ דיוהכ״פ, כמבואר בפע״ח שם.

80) נוסח „אני מאמין״. וראה לקו״ש חכ״ג ע׳ 394.

81) ולהעיר שזהו מדה הראשונה מי״ג מדות שהתורה נדרשת בהן (תו״כ בתחלתו), שהן כנגד הי״ג מדות הרחמים (שמתגלים ביוהכ״פ, כנ״ל ס״ו). ויוהכ״פ הוא „מתן תורה״ דלוחות האחרונות.

82) מו״ק ט, א.

83) חגי ב, ט.

84) כפירוש הזהר (ח״א כח, א. תקו״ז ת״ח) דקאי על ביהמ״ק השלישי.

85) ראה ב״ב עד, ב ואילך.

86) ראה לקו״ת שמיני יח, א.

87) ראה תשובות וביאורים סי״א. וש״נ.

88) אחרי טז, לא. אמור כג, לב.

89) לקו״ת תצא לו, ג. לז, ד. וראה סה״מ תקס״ה ע׳ תתמא. ועוד. וראה ברכות עיוהכ״פ (אחרי מנחה) תשמ״ז ס״ג. תש״נ ס״א ואילך (סה״ש שם).

90) ראה לקו״ת דרושים לשבת שובה סו, ג. סז, ד. סה״מ תרכ״ט ע׳ שט. ס״ע שיג ואילך. תרס״ד ע׳ שנד ואילך.

השבת (אותיות תשבי[91]) איז אויך די עבודה פון תשובה עילאה[92] – קומט אויס אַז בקביעות שנה זו, ווען יוהכ"פ איז חל להיות בשבת, קומט צו נאָכמער שלימות אין דער עבודה פון תשובה עילאה.

ובפרטיות יותר – האָט מען בקביעות שנה זו דעם חיבור פון די ביידע מעלות פון שבת און יוהכ"פ: די מעלה פון עונג העצמי הבא במורגש בשבת (דורך אכו"ש בכל השנים, ובשנה זו י"ל אַז דאָס ווערט נמשך דורך דעם יום עצמו[93]), און די מעלה פון עונג הבלתי מורגש דיוהכ"פ (שאסור באכו"ש)[94].

ועד"ז איז אויך פאַרשטאַנדיק די מעלה פון ערב יוהכ"פ בשנה זו, וועלכער איז אויך ערב שבת:

ערב שבת איז אַ הכנה צו שבת, „מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת"[95]. ביז אַז בערב שבת האָט מען אַ טעימה – „טועמי' חיים זכו"[96] – פון כל תבשיל ותבשיל של שבת[97]. און נאָכמער: בערב שבת (יום הששי למעשה בראשית) איז געווען יום בריאת אדם הראשון, „כדי שיכנס ל־סעודה מיד"[98], ובלשון המשנה[99] „הכל מוכן לסעודה".

ועפ"ז איז מובן, אַז ווען ערב יוהכ"פ קומט אויס בערב שבת – איז נאָכמער בהדגשה דער עילוי הנ"ל פון דער אכילה ושתי' בערב יוהכ"פ, „כל האוכל ושותה בתשיעי כו' כאילו התענה בתשיעי וע־שירי", וואָרום מ'האָט דעמולט אַ „טעימה" פון שבת, ובשנה זו – פון יוהכ"פ (שבת שבתון) שחל להיות בשבת, און נאָכמער – דעמולט איז „הכל מוכן לסעודה".

ועוד נקודה בדבר: שבת איז מעין[100] דעם „יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[101]. ועאכו"כ יוהכ"פ שחל להיות בשבת, וואָס אויך יוהכ"פ איז מעין דער גילוי דלע"ל[102]. פאַרשטאַרקט דאָס נאָכמער די עבודה איצטער מעין וטעימה פון דעם גילוי וסעודה דלע"ל ווען מ'וועט האָבן די שלימות החיבור פון מעלת הגשמיות ומעלת הרוחניות – די סעודה פון לויתן שור הבור, בגשמיות וברוחניות גם יחד, כנ"ל.

ובכל זה קומט צו נאָכמער בשנה זו, ה'תנש"א, ר"ת הי' תהא שנת אראנו נפל־אות[103], וועלכע קומט נאָך שנת ה'תש"נ, ר"ת הי' תהא שנת נסים, ולאחרי שנת תשמ"ט ידיך, ושנת תשמ"ח, תשמח (תי"ו בחיריק) און תשמח (תי"ו בשוא), וועלכע איז אויך געווען אַ שנת הקהל, „הקהל את העם האנשים הנשים והטף"[104], און מ'־הערט די קריאה בתורה פון דעם מלך, „כאילו . . מפי הגבורה שומעה"[105], ע"ד „ואני אברכם", „מפי גבורה" (כנ"ל ס"ג).

ט. ויש לקשר זה [די המשכה מלמעלה

---

91) אגה"ת ספ"י.

92) שם.

93) ע"ד המבואר בנוגע להמשכות דשופר ב־יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת (לקו"ת דרושי ר"ה נו, א ואילך. ובכ"מ).

94) ראה המשך תרס"ו בסופו (ע' תקמב).

95) ע"ז ג, סע"ב.

96) שער הכונות ענין טבילת ערב שבת. פע"ח שער יח רפ"ג. ועוד – נסמן בלקו"ש ח"כ ע' 173.

97) ראה מג"א או"ח הל' שבת סר"נ סוסק"א. שו"ע אדה"ז שם ס"ח. וראה לקו"ש שם.

98) סנהדרין לח, א. וראה לעיל ע' 11־9.

99) אבות פ"ג מט"ז.

100) ראה המשך תרס"ו שם. המשך תער"ב ח"ב ע' איקכז. ועוד.

101) תמיד בסופה.

102) ראה המשך תרס"ו שם.

103) לשון הכתוב – מיכה ז, טו.

104) וילך לא, יב.

105) רמב"ם סוף הלכות חגיגה.

מעלה, ביז פון עצמותו ית', אין גאַנץ סדר השתלשלות ביז למטה מטה אין דעם יש הגשמי] אויך מיט דעם קאַפּיטל תהלים פון שנה זו – מזמור פ"ט:

„משכיל לאיתן האזרחי" באַווייזט אויף דער המשכה וגילוי פון בחי' איתן שב־נשמה – דער עצם הנשמה וועלכער איז אַ „חלק אלוקה ממעל ממש"[106], פאַרבונדן מיט עצמותו ית' [מיט די ג' פירושים אין „איתן": האַרט, שטאַרק און אַלט[107]], באַ־פן אַז דאָס איז מזריח, באַלייכט און שיינט אַריין אין אַלע כחות וחושים,

ווי די תורה פון דעם אַלטן רבי'ן בזה[108], פאַרבונדן אויך מיט דער תורה ופירוש אין דעם פסוק פון[109] דעם בעש"ט און פון דעם מגיד,

און דערנאָך ווי די נקודות ווערן נתבאר דורך דעם מיטעלן רבי'ן אין אַן אופן פון „רחובות הנהר"[110], כולל – די הרחבה פון דער נקודה פון „איתן" ווי דאָס שטייט באַ דעם בעש"ט, מגיד און דעם אַלטן רבי'ן,

און דערנאָך – דורך דעם צמח צדק און רבי'ן מהר"ש און רבי'ן (מהורש"ב) נ"ע, ביז ווי דאָס ווערט נתבאר ו(במילא) נמשך אין די דברי אלקים חיים (אין די מאמרי חסידות און שיחות קודש) פון נשיא דורנו, כ"ק מו"ח אדמו"ר,

ביז אַז די אַלע ווערן נתגלה, תיכף ומיד ממש, אין אַן אופן פון „ממש", אין ממשות, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו [כמרומז בשמו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר: יוסף – על שם „יוסיף אד' שנית ידו לקנות את שאר עמו"[111], יצחק – על שם „כל השומע יצחק לי"[112], וואָס די שלימות בזה וועט זיין לע"ל – „אז ימלא שחוק פינו"[113], „אז ישיר משה"[114]],

ווי דער המשך פון דעם מזמור תהלים – „מצאתי דוד עבדי בשמן קדשי משח־תיו"[115], ביז אין אַן אופן – כסיום המזמור: „ברוך ה' לעולם אמן ואמן", אַז עס ווערט אויפגעטאָן די ברכה והמשכה[116] (פון שם הוי', שם העצם[117]) אין עולם, ביז באופן פון „אמן", וואָס אמן באַווייזט אויף דעם גמר הנצחון („גבורים נוצחים")[118], ובזה גופא – „אמן ואמן", באופן כפול, „כפליים לתושי'"[119], וואָס כפל איז פאַרבונדן מיט דער גאולה[120] [ווי ערקלערט אויך אין די דברי אלקים חיים פון דעם רבי'ן מהר"ש[121], „מלכתחילה אַריבער", וואָס זיין יום הילולא איז בי"ג תשרי], וואָס דעמולט וועט זיין דער גמר הנצחון און גילוי פון „ברוך ה' לעולם", „ואני אברכם".

ויש לקשר זה מיט דעם זמן פון ערב יוהכ"פ ויוהכ"פ און די ימים שלאחרי זה – כדאיתא במדרש[122] אַז בחג הסוכות,

---

106) תניא רפ"ב.

107) ד"ה וייצר תרפ"ה (תש"ח) – ע' נט ואילך (סה"מ תש"ח ע' 61 ואילך).

108) קונטרס לימוד החסידות ע' 5 ואילך.

109) תורות ופירושי כל רבותינו נשיאנו בפסוק זה – נעתקו ב„קובץ י"א ניסן שנת הפ"ט" (קה"ת תש"נ).

110) ראה לקו"ש חכ"ה ע' 349. וש"נ.

111) ישעי' יא, יא.

112) וירא כא, ו.

113) תהלים קכו, ב.

114) בשלח טו, א.

115) פסוק כא.

116) ראה תו"א מקץ לז, ג. ובכ"מ.

117) כ"מ הל' עכו"ם פ"ב ה"ז. מו"נ ח"א פס"ג ואילך. עיקרים מאמר ב' פכ"ח.

118) נזיר בסופו.

119) ל' הכתוב איוב יא, ו. שמו"ר פמ"ו, א.

120) ראה פדר"א פמ"ח. יל"ש ר"פ לך.

121) ד"ה לך תרכ"ז. תר"ל. וראה גם ד"ה לך באוה"ת בראשית (תערד, א). סד"ה נחמו עת"ר. ובכ"מ.

122) ויק"ר פ"ל, ב.

„זמן שמחתנו" (וואָס דעמולט ווערן נתגלה די ענינים פון ר"ה ויוהכ"פ, וכידוע[123] אַז סכך הסוכה קומט פון ענן הקטורת ביוהכ"פ) „כשישראל יוצאין כו' ולולביהן ואתרוגיהם בידן אנן ידעין דישראל אינון ניצוחיא".

און אין אַ יאָר פון „אראנו נפלאות" איז מובן, אַז מ'דאַרף אויף דעם ניט וואַרטן ביז יוהכ"פ, ועאכו"כ ניט ביז „זמן שמחתנו", נאָר שוין בערב יוהכ"פ ווערט דער „אינון ניצוחיא", און אין חג הסוכות קומט צו נאָכמער אין דעם גילוי ושלימות הענין.

י. ע"פ כל הנ"ל איז פאַרשטאַנדיק די ברכות וואָס יעדער איד באַקומט בערב יוהכ"פ זה דשנת תנש"א, ברכות אין אַלע זייערע ענינים — גשמיים און רוחניים, און גשמיים ורוחניים גם יחד, ברכות וועלכע ווערן נמשך פון למעלה מעלה, ביז למעלה ממקור כל הברכות, ביז פון „ואני אברכם", און זיי ווערן נמשך למטה מטה, ביז ועיקר — אין גשמיות העולם. ביז אַז דאָס האָט אויך דעם כח צו מבטל ומהפך זיין די ענינים בלתי רצויים, וואָס דאָס ברענגט צו נאָך אַ העכערע עלי' (וואָרום ירידה צורך עלי', און אַ ירידה למטה מטה ברענגט אַן עלי' למעלה מעלה). אַזוי אַז מ'האָט די מעלה פון דער המשכה מל־מעלה מעלה („גבוה מעל גבוה וגבוהים עליהם"[124]), ביז למעלה מכל מדידה והגבלה, צוזאַמען מיט דער מעלה פון מדידה.

און דער כח אויף דעם האָט מען במיוחד בערב יוהכ"פ לאחרי תפלת מנ־חה, נאָכדעם וואָס מ'האָט געזאָגט תפלת וידוי, איסגעשטעלט אין אַלע אותיות פון דעם אל"ף־בי"ת, און באופן כפול — אַזוי אַז מ'האָט דעמולט דעם תיקון ואתהפכא פון אַלע ענינים בלתי רצויים, ואדרבה: וויבאַלד אַז דאָס איז ווי די ענינים שטייען אין תפלה (וידוי) און תורה (כ"ב אותיות התורה), האָט מען נאָר די מעלה וואָס קומט אַרויס דערפון — די מעלה פון „כפליים לתושי'" פון אתהפכא, „זדונות נעשו לו כזכיות"[125], ביז זכיות ממש[126], ובאופן פון „נעשו לו", בעולם העשי' הגשמית (ומראה באצבעו ואומר זה[127]), ביז באופן של ממשות.

ובפשטות: דער אויבערשטער בענ־טשט יעדער איד און אַלע אידן מיט אַ שנה אין וועלכע מ'האָט אַלע ברכות והצלחות, בטוב הנראה והנגלה,

און בפרטיות — ווי די ברכות שטעלן זיך אויס און הויבן זיך אָן מיט די אותיות פון אל"ף־בי"ת (בעניני טוב בפירוש ובגלוי) — וואָס בזה גופא זיינען פאַראַן כמה אופנים, אָבער מפני טירחא דציבורא ומפני כמה טעמים קען מען ניט אויס־רעכענען אַלע ברכות וואָס הויבן זיך אָן מיט אַן אל"ף, בי"ת וכו' ביז ת"ו: דעריבער דערמאָנט מען נאָר איין אופן בזה, ויש לומר אַז דאָס (און יעדער אופן בזה) איז כולל אַלע אַנדערע אופנים בזה (וואָרום מ'איז דערביי מכוון אַלע אותיות אל"ף־בי"ת מיט אַלע ברכות וואָס הויבן זיך אָן מיט די אותיות אל"ף ביז ת"ו), וועלכע זיינען כולל אַלע ברכות אין אַלע ענינים רוחניים און אַלע ענינים גשמיים:

---

123) עט"ר שער יוהכ"פ פ"ב (כח, א). שם לו, סע"א ואילך. מאמרי אדהאמ"צ דברים ח"ג ע' א'קלד. שם ע' א'קמ. אוה"ת סוכות ע' א'תשכב ואילך. המשך וככה תרל"ז פפ"ד. ד"ה והוא כחתן תרנ"ז פ"א ואילך. ועוד.

124) קהלת ה, ז.

125) יומא פו, א.

126) ראה לקו"ש חי"ז ע' 183 ואילך וכהערות 15, 48 שם.

127) לשון חז"ל — שמו"ר ספכ"ג. ועוד.

עס זאָל זיין אַ: שנת אורה, שנת ברכה, שנת גדלות, שנת דיצה, שנת הוד והדר, שנת ועד טוב, שנת זכיות גדולות, שנת חיים טובים וארוכים, שנת טובה בלי מדידה והגבלה כלל וכלל, שנת יעוד טוב, שנת כלכלה, שנת לימוד בהצלחה מופלגה, [ובפרט אַז יוהכ"פ איז „מתן תורה" פון די לוחות האחרונות[128]], שנת מלכות [ובמיוחד — מלכות בית דוד, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י דוד מלכא משיחא], שנת נסים [ובפרט אַז מ'קומט פון אַ „שנת נסים" (תש"נ), און מ'גייט אַריין (און מ'האָט שוין די תשעה ימים, הכולל דעם יום העשירי, די עשרה ימים הראשונים פון דעם יאָר) אין שנת „אראנו נפלאות" (תנש"א)], שנת סימן טוב, שנת עוז, שנת פדות, שנת צדקה און שנת צדיקים [ועמך כולם צדיקים[129]], שנת קדושה, שנת רוממות, שנת ששון ושמחה, שנת תפלה, שנת תשובה [וואָס שלימותה איז ביוהכ"פ, כנ"ל], און שנת תהלה [„כל הנשמה תהלל י"ה הללוי"", בסיום וחותם ספר תהלים].

און דאָס ווערט אַלץ אויפגעטאָן תיכף ומיד ממש, ובפרט אַז אידן האָבן שוין אָפּגעפּסק'נט בתחלת שנה זו, אַז ס'וועט זיין אַ שנת אורה וכו', אַלע ברכות מיט אַלע אותיות פון אל"ף-בי"ת, און דערנאָך דאַרף מען נאָר „פאַנאַנדערפאַקן די פעקלעך"[130], די ברכות וועלכע מ'האָט באַקומען בתחלת השנה פאַנאַנדערפאַקן, אין די ימים שלאחרי זה, באופן אַז דאָס ווערט בגלוי די נכסים און ברשות פון כל אחד ואחת מישראל.

---

128) משנה תענית כו, ב ובפרש"י. גמרא שם ל, ב.

129) ישעי' ס, כא.

130) כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר בנוגע להזמן שלאחרי עבודת תשרי (שיחת ליל א' דחג השבועות תש"ח. נדפסה בסה"מ תש"ט ע' 137).

ועוד והוא העיקר — די ברכה עיקרית — שנת גאולה, דורך דעם וואָס דער רגע הקרוב, דער רגע האחרון פון גלות, ווערט נהפך צו דער רגע הראשון פון גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, און עס ווערט דעמולט דער שלימות הגילוי פון „ואני אברכם", „מפי הגבורה", ביז אַז מ'וועט הערן און דער־הערן „תורה חדשה מאתי תצא"[131], „מפי הגבורה", וכמ"ש[132] „לא ילמדו עוד איש את רעהו כי כולם ידעו אותי".

און דעמולט באַקומט מען אַ צווייטנ־דיקן מאָל די ברכות וואָס שטעלן זיך אויס אין אל"ף-בי"ת (כנגד דער כפל האל"ף-בי"ת אין וידוי כנ"ל), און די ברכות דעם צווייטן מאָל זיינען אויף אַ העכערן אופן, זייענדיק ברכות וואָס וועלן זיין לע"ל, אין דער שנת גאולה: אַ שנת אורה, שנת ברכה, שנת גדולה, שנת דיצה, שנת הוד והדר, שנת ועד, שנת זכיות גדולות, שנת חיים טובים, שנת טובות גדולות, שנת יעוד טוב, שנת כפליים לתושי', שנת לימוד מופלג ובמיוחד אין דער „תורה חדשה", שנת מרומים ושנת מלכות בית דוד, שנת נסים ושנת נפלאות, שנת סייעתא דשמיא וב־מיוחד אין פאַרשטיין די „תורה חדשה" (ובפרט אין דעם „ידעו אותי"), נוסף אויף דעם וואָס מ'פאַרשטייט מצ"ע, שנת עוז, שנת פדות, שנת צדקה, שנת קדושה, שנת רוממות, שנת שמחה, שנת תשובה, שנת תורה און שנת תהלה.

וכאמור, דאָס ווערט אויפגעטאָן תיכף ומיד ממש, און מ'דאַרף ניט וואַרטן „לשנה הבאה בירושלים" (ווי מ'זאָגט בסיום וחותם פון יוהכ"פ), נאָר מ'האָט דאָס גלייך, ובמילא וועט זיין (אויך) „לשנה

---

131) ישעי' נא, ד. ויק"ר פי"ג, ג.

132) ירמי' לא, לג.

הבאה בירושלים"[133], בארצנו הקדושה בירושלים עיר הקודש, בבית המקדש השלישי, בקדש הקדשים, וואו דער כהן גדול איז עובד עבודתו (כולל —) ביוהכ"פ זה.

יא. בכדי דאָס נאָכמער צואיילן — ווען מען מסיים זיין מיט אויסטיילן געלט לצדקה וואָס איז פאַרבונדן במיוחד מיט ערב יוהכ"פ (כמנהג ישראל).

— און אע"פ אַז „היום קצר והמלאכה מרובה"[134] (בערב יוהכ"פ בפרט), גיט דער אויבערשטער כח יעדער איד אַז מ'זאָל קענען אַריינשטעלן אין זיין „גבול" (פון „היום קצר") אַלע ענינים, כולל די ענינים שלמעלה ממדידה והגבלה (כולל — „שכר הרבה"[134]) —

ובפרט בערב יוהכ"פ בשנה זו, וואָס פירט גלייך אַריין אין יום השבת (נוסף אויף „שבת שבתון" פון יוהכ"פ), פאַרבונדן מיט „יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", וואָס מעין זה ווערט אויפגעטאָן דורך מצות הצדקה, וועלכע ברענגט „שבת ומנוחה" צו דעם וואָס דאַרף אָנקומען לצדקה.

און דאָס ברענגט אויך די אמת'ע צדקה — צו וועלכע אַלע אידן דאַרפן אָנקומען — אַנשטאָט „צדקה עשה הקב"ה עם ישראל שפיזרן לבין האומות"[135], ווערט די צדקה פון „ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[136], און ברענגט זיי אַלע צוזאַמען, מתוך שמחה וטוב לבב, צוזאַמען מיט חלקם שבעולם, ועאכו"כ מיט כל בני ביתם.

ובפרט ווי דאָס איז פאַרבונדן מיט דער עבודה ביוהכ"פ, דאע"פ וואָס „שבעת ימים קודם יוהכ"פ מפרישין כהן גדול מביתו"[137], דאַרף דער כהן גדול ביוהכ"פ זיין אַ נשוי, ווי מ'לערנט אָפּ[138] פון דעם פסוק[139] „וכפר בעדו ובעד ביתו" — „ביתו זו אשתו".

יב. ויהי רצון, אַז פון דעם דיבור בכל זה זאָל עס אַראָפּקומען בפועל, אַז די גאולה קומט תיכף ומיד ממש, אַזוי אַז צוזאַמען מיט דער אכילה פון דער סעודה שני' וואָס מ'גייט באַלד עסן [וואָס די נשי ובנות ישראל האָבן שוין זיכער אָנגעגרייט, אָדער אָנגעהויבן אָנגרייטן, באופן פון „הכל מוכן לסעודה"], זאָל מען אויך עסן סעודת לויתן ושור הבר, צוזאַמען מיט אַלע אידן, און צוזאַמען מיט משיח צדקנו,

והקיצו ורננו שוכני עפר[140], ומשה ואהרן עמהם[141] — דער כהן גדול [אהרן כהן גדול און אויך משה איז געווען אַ כהן גדול לדיעה אחת בדא"ח[142]], ובתוכם ובראשנו — כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און אַלע שוכני עפר פון כל בית ישראל, אָנהויבנדיק פון די אבות ואמהות, און לפני זה — אדם וחוה [וועלכע געפינען זיך אין מערת המכפלה, אין „קרית ארבע"[143]].

און אַלע אידן גייען אין ארצנו הקדושה, אין ירושלים עיר הקודש, להר הקודש, לביהמ"ק השלישי, ולקדש הקדשים,

---

133) ראה סה"ש תש"ה ריש ע' 83.

134) לשון המשנה — אבות פ"ב מט"ו.

135) פסחים פז, ב.

136) ישעי' כז, יב.

137) משנה ריש יומא.

138) שם. וראה לקו"ש חי"ז ע' 172 ואילך.

139) אחרי טז, ו.

140) ישעי' כו, יט.

141) ראה תוד"ה אחד — פסחים קיד, ב. וראה יומא ה, ב.

142) זבחים קב, א. וראה בארוכה לקו"ש צו תשמ"ט.

143) חיי שרה כג, ב.

„ותחזינה (אויך ובעינינו — לשון הוה) עינינו לה׳ בשובך לציון ברחמים" (ווי מ'האָט ערשט מתפלל געווען בתפלת מנ־חה), „בשוב ה׳ את שיבת ציון"[144], ה׳ צו־זאַמען מיט אַלע אידן, „ושב ה׳ אלקיך את שבותך", „והשיב לא נאמר אלא ושב"[145], וואָרום „עמו אנכי בצרה"[146], און עס ווערט מן המיצר אל המרחב, ביז דעם מרחב האמיתי,

און מ'זעט אויך (ותחזינה) ווי דער כהן גדול שבדורנו גייט אַריין אין קדש ה־קדשים ביוהכ"פ זה און טוט דאָרטן די עבודה, און אַלע ענינים וואָס ער טוט דאָרט אויף, כולל — תפלת הכהן גדול בהיכל וועלכע שטעלט זיך אויס אין אַלע אותיות פון אל"ף־בי"ת, ווי אַריינגע־שטעלט אין תפלת מוסף (דציבור) ד־יוהכ"פ אין מחזור השוה לכל נפש,

ובגאולה העתידה וועט דאָך זיין „כל יושבי׳ עלי׳" (כל נפש), וועט מען דעמולט האָבן נוסף צו דער מעלה פון תפלה בציבור, אויך די מעלה פון אַ תפלה פון „כל יושבי׳ עלי׳", מצד דעם מתפלל, מצד דעם מקום און מצד דעם זמן[147],

ותיכף ומיד ממש, והוא העיקר.

144) תהלים קכו, א.

145) נצבים ל, ג ובפרש"י.

146) תהלים צא, יד.

147) ראה מכתב ג׳ דסליחות ה'תש"נ (נדפס לקמן ח"ב בהוספות).

**לעליונים ונייחא לתחתונים"**[113], **ובאופן ש"לא ירעו ולא ישחיתו** בכל הר קדשי[114] **כי מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"**[115].

113) ב"ר פ"ל, ה.

114) בדוגמת המעמד ומצב שהי' בתיבת נח (ראה המשך וככה תרל"ז פצ"ה. ובכ"מ).

115) ישעי' יא, ט.

# משיחות ש"פ נח, בדר"ח מרחשון ה'תנש"א

א. בנוגע צו דעם ציווי צו נח ובניו בפרשתנו[1] „ואתם פרו ורבו שרצו בארץ ורבו בה"[2] – איז ידועה די שאלה[3]: פאַרוואָס האָט עס דער אויבערשטער געדאַרפט נאָכאַמאָל אָנזאָגן לאחרי וואָס ער האָט שוין אָנגעזאָגט דעם ציווי בפ' בראשית (צו כללות מין האדם) „פרו[4] ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה"[5].

מ'קען ניט ענטפערן אַז די אמירה בפ' בראשית איז אַ ברכה און ניט קיין ציווי[6], און די הוספה אין פ' נח איז דער ציווי על מצוה זו – וואָרום (כמבואר במפרשים[7]): פון דעם פסוק (אין פ' בראשית) „פרו ורבו גו' וכבשוה" לערנט מען אָפּ אין משנה וגמרא[8] ווער איז מחוייב אין דער מצוה [לדעת רבנן – „האיש מצווה על פרי' ורבי' אבל לא האשה", ווי עס שטייט „וכבשוה", „איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש"[9], ולדעת רבי יוחנן בן ברוקה – „על שניהם הוא אומר ויברך אותם אלקים ויאמר להם אלקים פרו ורבו"], און רש"י ברענגט עס אַראָפּ (דעת רבנן) בפירושו עה"פ, וואָס דערפון איז מובן, אַז דער פסוק אין בראשית (אויך לדעת רש"י – פשוטו של מקרא) למצוה נאמר[10] (נוסף אויף לברכה)[11],

---

1) ט, ז.

2) ופסוק זה נאמר למצוה – כמפורש בפרש"י כאן. וכדמשמע מסנהדרין (נט, ריש ע"ב) „והרי פרי' ורבי' שנאמר לבני נח דכתיב ואתם פרו ורבו גו'" (ראה מהרש"א שם. רא"ם לפרש"י כאן. של"ה חלק תושב"כ ריש פרשתנו. ועוד).

3) ראה מקומות שבהערה הקודמת. נחלת יעקב וגו"א כאן.

4) א, כח.

5) ואין קשיא ממה שנאמר כבר לעיל בפ' נח (ט, א) „ויברך אלקים את נח ואת בניו ויאמר להם פרו ורבו ומלאו את הארץ" – כפרש"י כאן „הראשונה לברכה וכאן לציווי", שהכוונה ב„הראשונה" י"ל שהיא לא למש"נ בפ' בראשית (כי שם נאמר למצוה, כדמוכח מפרש"י שם שלמדים מ„וכבשוה" ש„האיש שדרכו לכבוש מצווה בפרי' ורבי' ולא האשה"), אלא הראשונה לנח – כמבואר בנחלת יעקב לפרש"י כאן. של"ה שם.

6) ראה רמב"ן בראשית שם. פרשתנו ט, ז. רא"ם שם.

7) נחלת יעקב ושל"ה שם.

8) יבמות ספ"ו – סה, ב.

9) וגם לדעת ר' יוסף (יבמות שם) שטעמא דרבנן הוא מדכתיב (וישלח לה, יא) „אני א־ל שד־י פרה ורבה ולא קאמר פרו ורבו" – מבואר בנחלת יעקב שם, „שפליגי על הלימוד של וכבשוה וס"ל דגילוי מילתא ילפינן מיעקב ומ"מ מודה דעיקר המצוה לאדם נאמרה, וכן משמע מהתוספות (יבמות שם) שכתבו אע"ג דלאדם קאמר פרו ורבו ההוא ברכה בעלמא ולא למצוה, ומדלא פירשו התוס' היכן נצטווה ש"מ דה"ק ההוא לשון רבים דנאמר גבי אדם לברכה בעלמא דכתיב ויברך ולא למצוה אל האיש בלחוד" (לדעת רבנן, משא"כ לדעת ריב"ב ברכה ומצוה אומר על שניהם). אבל ראה באר השדה לפרש"י בראשית שם. ועצ"ע.

10) וכן הוא דעת החינוך שמצוה ראשונה היא „פרו ורבו גו'" שנאמר בפ' בראשית. אבל בסהמ"צ להרמב"ם מ"ע ריב, מביא הכתוב „ואתם פרו ורבו" דפ' נח. ולהעיר שברמב"ם הל' אישות רפט"ו מביא סתם „מצות עשה של תורה שנאמר פרו ורבו".

11) כמבואר בנחלת יעקב ושל"ה שם בדחיית פירוש הרא"ם כאן, שהכתוב בפ' בראשית „ויברך אותם אלקים ויאמר להם אלקים פרו ורבו גו'" לברכה נאמרה (ולא למצוה), „כברייתא דבר קפרא (כתובות ה, א) דקתני הואיל ונאמרה בו ברכה לאדם, ומשמע שהיא סוברת דקרא ויאמר להם אלקים פרו ורבו הוא פי' של ויברך אותם אלקים". וכן הוא במהרש"א סנהדרין שבהערה 2 (שהכתוב בבראשית לברכה נאמרה), אבל דוחה שם דעת

ואעפ"כ חזר'ט זיך איבער דער ציווי נאָכאַמאָל אין פ' נח („כאן לציווי"[12], „ואתם פרו ורבו גו'"[13], כאָטש אַז דער ציווי איז שוין אָנגעזאָגט געוואָרן בפ' בראשית[14].

בשעת מ'פאַרגלייכט די צוויי ציוויים זעט מען צווישן זיי אַן אונטערשייד: אין פ' בראשית שטייט „פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", משא"כ אין פ' נח — „ואתם פרו ורבו שרצו בארץ ורבו בה" — (א) ער איז מוסיף „שרצו בארץ ורבו בה", (ב) ער איז משמיט דעם וואָרט „וכבשוה".

אפילו לויט דעם פירושי[15] אַז אין פ' בראשית רעדט זיך וועגן אַ ברכה (און ניט אַ ציווי) — דאַרף מען אויך האָבן ביאור, פאַרוואָס דער אויבערשטער האָט ניט געזאָגט די ברכה און דעם ציווי צוזאַמען בהמשך אחד, נאָר ער האָט עס פאַנאַנדער־געטיילט: אין פ' בראשית (בײַ בריאת האדם) האָט ער זיי געבענטשט מיט דער ברכה „פרו ורבו גו'", און ערשט לאחרי המבול האָט ער אָנגעזאָגט דעם ציווי „ואתם פרו ורבו".

ועוד: אויך אין פ' נח האָט זיי דער אויבערשטער פריער געבענטשט, „ויברך אלקים גו' פרו ורבו גו'", און דערנאָך האָט ער זיי געזאָגט דעם ציווי („ואתם פרו ורבו")[12] — ווערט לפי"ז די שאלה: פאַר־וואָס האָט זיי דער אויבערשטער גע־דאַרפט נאָכאַמאָל בענטשן, לאחרי וואָס ער האָט שוין געבענטשט אדם וחוה (כללות מין האדם) בפ' בראשית „ויברך אותם אלקים גו' פרו ורבו גו'"?

ב. דער ביאור בזה בפשטות איז: נאָך

---

הרא"ם שהמשנה דיבמות פליגא על ברייתא דבר קפרא ועל הסוגיא בסנהדרין שם, ומבאר שלכו"ע (גם להמשנה ביבמות שם) ס"ל דמצות פו"ר למדים מקרא דנח „ואתם פרו ורבו". ועצ"ע.

12) פרש"י כאן.

13) וגם לפירוש השני בפרש"י — „ולפי מדרשו להקיש מי שאינו עוסק בפרי' ורבי' לשופך דמים" — הי"ז ביאור בהכפל כאן בפ' נח. ואף שיש לבאר עפ"ז הטעם שנכפל הציווי בפ' נח לאחרי שנאמר בפ' בראשית (כדי ללמוד היקש זה) — עדיין צריך ביאור למה הוצרך לציווי שני על עצם המצוה ד„פרו ורבו", נוסף על הקושיא שבהערה הבאה. ולהעיר שבנחלת יעקב שם מבאר בדברי רש"י אלו, שזהו „להיקש בלבד ואין מוכרח לומר ולדחוק שצוה פעמיים".

ולהעיר שלפי פירוש השל"ה שם בדברי רש"י (אליבא דר' יהודה דלא דריש סמוכים אלא היכא דמוכח או דמופנה* (יבמות ד, א)), פסוק הראשון (בפ' נח) „ויברך אלקים גו' ויאמר להם פרו ורבו גו'" הוא לברכה ולמצוה (ואז „ואתם פרו ורבו" מופנה ואתי להיקש). [ולהעיר שעפ"ז נמצא שהציווי נאמר בפועל שלשה פעמים: בפ' בראשית, וב' פעמים בפ' נח].

14) ברא"ם שם מתרץ, שזהו כוונת רש"י „באומרו אחר זה (פסוק ט) „ואני הנני" — מסכים אני עמך, שנח הי' דואג לעסוק בפו"ר עד שהבטיחו הקב"ה שלא לשחת העולם עוד" (וראה באר השדה נח שם). אבל נוסף לקושיית המהרש"א (סנהדרין שם) „דדי הי' לו בהבטחה ע"ז ולמה הוצרך לצוות לו פעם שנית גם בלשון כפול" — הרי בכללות הענין משמע, שהציווי השני לנח הוא ציווי כללי (שממנו למדים מצוה זו על כל הדורות), ולא רק להבטיח נח שלא ידאג, כלדקמן בפנים. ועפ"ז מובן גם בנוגע התירוץ בנחלת יעקב ובגר"א שם (וראה גם אוה"ת שם ט, ז): „דהואיל ובכניסתם לתיבה אסר להם תשמיש (פרש"י פרשתנו ו, יח. ז, ז) וביציאתם התיר להם (שם ח, טז) והי' אפשר לטעות ולומר שיהא רשות ולא מצוה, לפיכך הוצרך שנית לצוות ולהזהירם על כך" — שזהו ציווי פרטי בנוגע למצבו של נח אז, ולא מבואר בזה החידוש כללי בציווי זה אל נח.

15) ראה לעיל הערה 11.

*) משא"כ לדעת רבי אליעזר (הדורש היקש זה שמי שאינו עוסק בפו"ר הריהו כשפ"ד (יבמות סג, ב) דדרשינן סמוכין אע"ג דליכא לא מוכח ולא מופנה (יבמות ד, א)) הנאמר לראשונה בפ' נח („ויברך גו' ויאמר להם פרו ורבו גו'") הוא כולה לברכה (ולא למצוה).

דעם מבול ווען „וימח את כל היקום אשר על פני האדמה גו'"[16], און „וינחם ה' כי עשה את האדם בארץ"[17] — האָט דער איבערשטער פון־דאָס־ניי געבענטשט (די חיות וכו' — „ושרצו בארץ ופרו ורבו על הארץ"[18], און אויך[19] געבענטשט) און אָנ־געזאָגט נח ובניו „פרו ורבו גו'" — בכדי צוריק אויפבויען אַ יקום.

ובפרט אַז „הי' נח דואג לעסוק בפרי' ורבי' עד שהבטיחו הקב"ה שלא לשחת העולם עוד"[20] (הגם אַז ער האָט געוואוסט וועגן דעם ציווי ה' בפ' בראשית), דערי־בער האָט נח געדאַרפט אָנקומען צו אַ ציווי מיוחד פון „פרו ורבו גו'"[21].

אָבער נוסף אויף דעם וואָס דאָס פאַר־ענטפערט ניט (עכ"פ גלאטיק) פאַרוואָס מ'דאַרף אָנקומען צו נאָך אַ ציווי מה' וב־לשון כפול (און ס'איז ניט גענוג אַ ברכה („ויברך אלקים גו' פרו גו'") והבטחה[22] (שלא לשחת העולם עוד)) — איז משמע פון כללות הענין, אַז דער ציווי (און ברכה) צו נח („ואתם פרו ורבו") איז ניט נאָר צו באַנייען דעם ציווי צו אדם (בפ' בראשית), אַז נח זאָל צוריק אויפבויען די וועלט, נאָר אין דעם קומט צו אַ חידוש כללי אין דעם ציווי (וברכה) [ווי פאַרשטאַנדיק אויך דערפון וואָס בכמה מקומות לערנט מען אָפּ די מצוה לדורות דוקא פון דעם ציווי לנח[23]].

ג. וועט מען עס פאַרשטיין לויט דעם ביאור אין דעם כללות'דיקן חידוש וואָס האָט זיך אויפגעטאָן אין דער וועלט דורכן מבול (לגבי דעם מצב העולם לפני זה, בתחלת הבריאה בפ' בראשית), ווי עס שטייט אין מדרש[24] אַז נח „ראה עולם חדש":

„עולם חדש" איז דער טייטש, אַז ס'איז צוגעקומען אַ חידוש אין מציאות העולם (ניט נאָר לגבי דעם מצב העולם בזמן המבול, נאָר אויך ובעיקר) לגבי דעם מצב העולם קודם המבול, בהתחלת הבריאה.

ולכאורה אינו מובן: וואָס איז דער חידוש בעולם וואָס האָט זיך אויפגעטאָן דורך דעם מבול לגבי דעם חידוש בתחלת הבריאה — אַ חידוש אמיתי (מאין ליש) וואָס „בראשית ברא[25] אלקים את השמים ואת הארץ"[26], און דער אויבערשטער איז מהוה ומחי' ומקיים די וועלט מאין ואפס ממש בכל רגע ורגע מחדש[27]?

איז דער ביאור אין דעם: ס'איז מבואר בכ"מ[28], אַז דער מבול איז געקומען (ניט נאָר כדי צו מעניש זיין די חוטאים, נאָר אויך ובעיקר) „לטהר את הארץ" (די מי המבול שירדו ארבעים יום זיינען בדוגמת מי המקוה פון מ' סאה וועלכע זיינען מטהר את האדם), דער מבול האָט מזכך געווען און אויסגעאיידלט די גאַנצע וועלט.

בתחלת הבריאה (קודם המבול) איז די שלימות פון וועלט געווען פאַרבונדן (ניט מיט דער טבע ותכונות המציאות פון וועלט גופא, נאָר) מיט דעם אופן וכח פון

---

16) פרשתנו ז, כג.

17) בראשית ו, ו.

18) פרשתנו ח, יז.

19) ראה רמב"ן כאן.

20) פרש"י שם ט, ט.

21) כביאור הרא"ם הנ"ל (הערה 14).

22) כקושיית המהרש"א שבהערה הנ"ל.

23) ראה לעיל הערות 2, 10.

24) ב"ר פרשתנו פ"ל, ח.

25) ראה רמב"ן עה"פ: ואין אצלנו בלשון הקודש בהוצאת היש מאין אלא לשון ברא.

26) בראשית א, א.

27) תניא שער היחוד והאמונה פ"א.

28) תו"א ריש פרשתנו (ח, ג ואילך). ובארוכה — תו"ח שם (נט, ב ואילך). ובכ"מ.

איר באַשאַפונג דורך דעם אויבערשטן — „עולם על מילואו נברא"[29].

און דעריבער האָט געקענט זיין, ווי ס'איז געווען בפועל, אַז דורך דעם וואָס „רבה רעת האדם בארץ", האָט דאָס געבראַכט אַז „וינחם ה' כי עשה גו' אמחה גו'"[30], דער חורבן העולם והפסק בסדרי הבריאה — וואָרום הגם אַז די בריאה איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן (על מילואו), און אין אַן אופן אַז „וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד"[31], איז אָבער היות אַז די בריאה איז געווען מצד דעם אופן פון זיין באַשאַפונג דורכן בורא (ניט מצד דעם תוכן פון עולם גופא) דערפאַר האָבן דאַן די חטאים (וועלכע האָבן די וועלט דערווייטערט פון בורא און זיין רצון) גורם געווען די ירידה אין אַזאַ אופן, אַז ס'איז ניט געווען שייך זי זאָל נתברר ונתעלה ווערן („לא הי' שייך בירור"[32]).

און וויבאַלד אַז דורכן חטא פון דור המבול איז די וועלט אַזויפיל נתקלקל געוואָרן ביז „מלאה הארץ חמס"[33], און מצד וועלט איז דאַן ניט געווען קיין אפשריות אויף בירור ועלי', דעריבער איז ניט פאַרבליבן קיין טעם אויף איר מציאות, און „וינחם ה' כי עשה גו' אמחה גו'".

משא"כ לאחרי המבול, וואָס דעמולט האָט זיך אויפגעטאָן די טהרת וזיכוך הארץ (פון וועלט גופא), אַז אויך בשעת זי שטייט אין אַ מצב ירוד ביותר זאָל זי קענען נתברר ונתעלה ווערן (ע"י עבודת התשובה), אָנהויבנדיק דורך דער עבודה פון „נח נח איש צדיק תמים הי' בדורותיו"[34] (ניט קוקנדיק אויף דער הנהגה פון כל אנשי דורו) — דערפאַר איז דעמולט אַריינגעגעבן געוואָרן אַ תוקף אין דער בריאה, „לא ישבותו"[35], ביז די כריתת ברית פון „ולא יכרת כל בשר . . . ולא יהי' עוד מבול וגו'"[36] — אין וועלכן מצב די וועלט זאָל נאָר זיין[37].

און אין דעם באַשטייט דער חידוש אין עולם — „עולם חדש" — וואָס האָט זיך אויפגעטאָן דורכן מבול: דער חידוש גמור אין דער בריאה אַז דעמולט האָט דער אויבערשטער אַריינגעגעבן אַ נייע יכולת ותכונה אין וועלט, אַז זי גופא זאָל קענען נזדכך ונתעלה ווערן.

ד. דער ענין איז אויך מרומז אין דעם נאָמען פון נח (ושם כל הפרשה):

נח איז פון לשון נייחא[38], און „נח נח" שתי פעמים איז נייחא בכפליים — „נייחא לעליונים ונייחא לתחתונים"[38]. וכמבואר בכ"מ[39], אַז נח איז בחי' שבת (וכמ"ש[40] „וישבת" ותרגומו „ונח"), „נייחא דרוחא", „שהוא בחינת שביתה, כאדם השובת ממלאכתו".

נח (איש צדיק) האָט אויפגעטאָן און אַריינגעבראַכט מנוחה בעולם, און דערפאַר ווערן די מי המבול אָנגערופן על

29) ראה ב"ר פי"ב, ו.

30) בראשית ו, ה ואילך.

31) שם א, לא.

32) סד"ה את קשתי תרנ"ד (סה"מ תרנ"ד ריש ע' מח). וראה מאמרי אדה"ז — פרשיות פרשתנו ע' ס. אוה"ת פרשתנו (כרך ג) תרנב, סע"א ואילך. פלח הרמון פרשתנו ד"ה את קשתי פ"ג.

33) פרשתנו ו, יג.

34) ריש פרשתנו.

35) שם ח, כב.

36) שם ט, יא.

37) בכל הנ"ל — ראה לקו"ש חט"ו ע' 51 ואילך.

38) ב"ר פרשתנו פ"ל, ה. וראה זח"א נח, ב.

39) תו"א ריש פרשתנו (ח, ג). שם ט, סע"א ואילך. י, א. ועוד.

40) בראשית ב, ב.

שמו „מי נח"[41] — ווייל זיי האָבן מטהר געווען את הארץ, וואָס דורך דעם איז געוואָרן מנוחה בעולם (נוסף צו דער מנו־חה לאחרי המבול, אויך ובעיקר מנוחה בעולם לגבי מצבו קודם המבול), אַז אויך עולם, מצד איר ענין גופא, זאָל זיין שייך צו בירור וזיכוך. און דורך דעם — באַקומט די וועלט אַ תוקף מנוחה פון „לא ישבותו".

און נאָכמער: „נח נח" שתי פעמים באַווייזט, אַז ער האָט אויפגעטאָן די מנוחה ונייחא „לעליונים" און „לתחתו־נים"[42] ווי זיי ווערן נתאחד צוזאַמען (אַזוי ווי נח איז איין מענטש שנכפל שמו), אַז תחתונים (מצד ענינם הם) זאָלן נתאחד ווערן מיט עליונים.

— דער ענין פון שבת ומנוחה איז געווען שוין בסיום וגמר הבריאה (קודם המבול), און דאָס האָט אויפגעטאָן אַ שלימות אין דער בריאה („מה הי' העולם חסר מנוחה, באת שבת באת מנוחה"[43]) — אָבער דאָס איז געווען אַ חלק (גמר וש־לימות) פון דער בריאה ע"י הקב"ה, „ויכל[44] אלקים גו'"[45]; משא"כ דורך נח (און „מי נח") איז צוגעקומען (דורך עבודת האדם) אַ מנוחה אין וועלט מצד איר ענין גופא. און דעריבער איז דאָס אויך אַ נייחא בכפליים[46] („כפליים לתושי'"), וואָס קומט דורך עבודת המטה[47]).

ה. בכדי אויפטאָן טהרת הארץ (בכדי אַז עולם מצד איר ענין גופא זאָל קענען נזדכך ונתעלה ווערן) פאָדערן זיך צוויי ענינים: (א) טהרת העולם וואָס ווערט דורך דעם ביטול פון דעם „ותשחת" און „חמס" בארץ דורך דעם מבול וואָס „בלה את הכל כו'"[48], (ב) די פעולה חיובית פון בירור וזיכוך העולם (און ניט ברעכן די וועלט).

ויש לומר, אַז בכללות איז דאָס אויפגעטאָן געוואָרן דורך דעם (א) מבול וועלכע האָט מטהר געווען די וועלט פון „מלאה הארץ חמס"[49], דורך „בלה את הכל" (אַלץ וואָס איז חוץ מן התיבה), וואָס בגלוי איז דאָס היפך פון מנוחת וקיום העולם, און (ב) תיבת נח, וואָס דער אויי־בערשטער האָט אָנגעזאָגט[50] „עשה לך תיבת גו'", אַז בשעת המבול (וואָס „בלה את הכל") זאָלן נח ובני ביתו געפינען זיך אין דער תיבה, און באַשיצט ווערן פון מי המבול און בלייבן במציאותם, וואָס דאָס גיט דערנאָך דעם כח צו טאָן די עבודה אין בירור וזיכוך העולם בדרך נייחא (לעליונים ולתחתונים), ניט דורך ביטול העולם:

---

41) ישעי' נד, ט.

42) מנוחה — הן בלשון הקודש (נח), והן בלשון ארמית (נייחא), ע"ד עליונים ותחתונים. ולהעיר שארמית הוא א' משבעים לשון אוה"ע, וביחד ע"ז קשור במיוחד עם לה"ק (ראה לקו"ש חכ"א ע' 447 הערה 10. וש"נ), ועי' השימוש בהע' לשון נפעל בירור באוה"ע (ראה תו"א משפטים עז, ד. עח, ג), שהכח לזה ניתן ע"י המבול, „מי נח", שבא לטהר ולזכך את הארץ.

43) פרש"י עה"פ בראשית ב, ב.

44) שם.

45) וגם קיום מצות שבת ע"י אדה"ר הוא קיום השבת שמיקדשא וקיימא מלמעלה (ביצה יז, א).

46) משא"כ הכפל במעשה בראשית — יום שלישי שהוכפל בו כי טוב, ויום הששי שהוכפל בו טוב: (א) ה"ז טוב מלמעלה, „וירא אלקים כי טוב" (בראשית א, יב. ועד"ז שם, לא), (ב) גם הכפל הוא חלק מהבריאה, כי הכפל ביום השלישי הוא לגמר מלאכת יום השני (פרש"י שם, ז), והכפל ביום הששי הוא לגמר כל הבריאה, „וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד".

47) ראה בארוכה סה"מ מלוקט ח"א ע' שסד ואילך. וש"נ.

48) פרש"י עה"פ ו, יז.

49) פרשתנו שם, יג.

50) שם, יד.

דער אויבערשטער האָט געהייסן נח'ן אַריינגעמען אין תיבה אַלע חלקי העולם: מין המדבר — נח ובני ביתו, מין החי — „מכל החי וגו'"[51], מין הצומח ומין הדומם — „מכל מאכל אשר יאכל"[51], און אויך אַלע עולמות פון סדר השתלשלות — כמבואר אין חסידות[52], אַז די דריי דרגות אין תיבה, „תחתיים שניים ושלישים"[53] זיינען כנגד די ג' עולמות בי"ע (בי"ע דכללות, און בי"ע הפרטית)[54].

און אין דער תיבה (וכל הנמצאים בה — כל סדר השתלשלות) האָט געהערשט אַ מצב פון שלום ומנוחה, מעין ווי עס וועט זיין לעתיד לבוא[55] — „וגר זאב עם כבש גו' לא ירעו ולא ישחיתו גו'", צוליב דעם וואָס „מלאה הארץ דיעה את ה'"[56] [פונקט פאַרקערט ווי דער מצב בעולם דעמולט — „מלאה הארץ חמס"].

וואָס דאָס האָט געגעבן דעם כח, אַז דערנאָך ווען עס וועט זיין „צא מן התיבה"[57], און אין אַלע זמנים לאחרי זה — זאָל מען קענען אויפטאָן דעם בירור וזיכוך העולם, באופן אַז עולם עצמו זאָל נתעלה ווערן (באופן של נייחא).

וכמרומז אויך אין דעם לשון הציווי (בעשיית התיבה)[58] „ואל אמה תכלנה מלמעלה": „אמה"[59] ר"ת „אלקינו מלך העולם", דורך[60] אלקינו (דער ג־ט פון אידן) ווערט דער אויבערשטער — מלך העולם [אידן זיינען ממליך דעם אויבערשטן, „תמליכוני עליכם"[61], אַלס מלך ישראל, און דורך דעם — מלך על כל העולם], אַז אויך אין עולם מלשון העלם[62] והסתר ווערט נתגלה מלכותו ית'. „תכלנה מלמעלה", אַז אויך די כלים יעשו מלמעלה[59].

ולהוסיף, אַז „תכלנה" איז אויך פון לשון כליון, וביחד עם זה איז דאָס אויך פון לשון תענוג — ע"ד „ויכולו" פון שבת, מלשון כליון ומלשון תענוג[63] — אַז עס ווערט דער כליון ועלי' פון עולם ניט באופן של כליון וביטול, נאָר באופן אַז מציאות העולם עצמה ווערט נתעלה (בדוגמת תענוג שבת וואָס נעמט דורך אכילה ושתי'[64]).

ו. ע"פ הנ"ל וועט מען פאַרשטיין דעם טעם וחידוש אין דעם ציווי „ואתם פרו ורבו גו'" נאָכן מבול לגבי דער ציווי לאדם (קודם המבול):

די ברכה און ציווי ה' „פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" וועלכע דער אויבערשטער האָט געזאָגט נאָך בריאת האדם („ויברא אלקים את האדם גו' זכר ונקבה ברא אותם"[65]) — איז אַ ברכה כללית און אַ ציווי כללי וועלכער גיט אַרויס דער תפקיד ותכלית פון בריאת האדם: ער זאָל זיך מערן און אָנפילן און באַזעצן דאָס לאַנד און איר איינעמען, ובלשון הידוע[66]

---

51) שם, יט ואילך.

52) אוה"ת פרשתנו תרכז, א.

53) ו, טז.

54) ראה אוה"ת שם. וראה לקו"ש ח"כ ע' 296 הערה 26.

55) ד"ה כי פדה לאדה"ז (סה"מ אתהלך לאזניא ע' נז), ועם הגהות — אוה"ת פרשתנו תרסט, א ואילך. מאמרי אדה"ז — ענינים (ע' פז), ועם הגהות — אוה"ת שם תרלד, א ואילך. שם תרלז, ב. המשך וככה תרל"ז פצ"ה־צו. ועוד. וראה גם לקו"ש חכ"ה ע' 29.

56) ישעי' יא, ו־ט.

57) פרשתנו ח, טז.

58) שם ו, טז.

59) פירוש כ"ק מו"ח אדמו"ר — נעתק בלקו"ש ח"א ע' 10. ח"ט ע' 329. אגרות ח"א ע' מס.

60) ראה לקו"ת אחרי כו, א. ובכ"מ.

61) ראה ר"ה טז, א. לד, ב.

62) לקו"ת שלח לז, ד.

63) בראשית ב, א. אוה"ת עה"פ.

64) ראה טושו"ע ודאדה"ז או"ח סרמ"ב.

65) בראשית א, כז.

66) ראה תנחומא נשא טז. שם בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו. תניא רפל"ו.

— לעשות לו יתברך דירה בתחתונים[67]. דער אויבערשטער האָט געבענטשט און געגעבן אַ מענטש דעם כח ער זאָל גע־וועלטיקן איבער דער גאַנצער וועלט און אַלע אירע באַשעפענישן („ורדו בדגת הים ובעוף השמים ובכל חי' הרומשת על הארץ"[68]), ער זאָל איינעמען די וועלט און מאַכן פון איר אַ „דירה" פאַר דעם אויבערשטן.

אָבער בתחלת הבריאה, וויבאַלד אַז די שלימות פון אדם (כולל — די ברכה וציווי פון „פרו ורבו גו'") איז געווען (ניט מצד זיין טבע ותכונות גופא, נאָר) מצד דעם כח פון זיין באַשאַפונג דורך דעם אוי־בערשטן, דעריבער האָט געקענט זיין, ווי ס'איז געווען בפועל, אַז דורך דעם וואָס „רבה רעת האדם בארץ", האָט דאָס גע־בראַכט אַז „וינחם ה' כי עשה גו' אמחה את האדם אשר בראתי מעל פני האדמה גו'", כולל — דער ביטול הברכה והציווי פון „פרו ורבו גו'"[69], וואָרום דער אדם — מצד זיך אַליין — איז ניט געווען קיין כלי אויף דעם, ואדרבה: אַנשטאָט „פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" און פאַרוואַנדלען די וועלט אין אַ דירה לו יתברך, איז „רבה רעת האדם בארץ" [כולל — הנהגה היפך פון „פרו ורבו גו' וכבשוה" ע"פ התורה], און געבראַכט אַז „אמחה את האדם גו'".

און דעריבער, לאחרי המבול — ווען ס'איז געוואָרן „עולם חדש", עס האָט זיך אויפגעטאָן די טהרה וזיכוך הארץ (פון וועלט גופא), אָנהויבנדיק דורך דער עבודה פון „נח נח איש צדיק גו'" — האָט געדאַרפט זיין אַ נייע ברכה וציווי אויף „פרו ורבו גו'", בהתאם צו דעם „עולם חדש" (ומצב חדש באַ נח ובניו)[70], אַ ברכה וציווי אויף דער עבודה פון „פרו ורבו גו'" באופן אַז (א) מ'מאַכט די וועלט (מצד איר ענין גופא) אַ דירה לו יתברך, און (ב) אַ ברכה וציווי וואָס וועט (ניט בטל ווערן, נאָר) בלייבן קיים ונצחי על כל הזמנים („לא ישבותו", „ולא יכרת כל בשר . . . ולא יהי' עוד מבול וגו'") — ניט ווי דער ברכה וציווי הראשון וואָס איז געווען (א) ניט לפי ערך גדרי העולם[71], און במילא (ב) האָט ניט געהאַט קיין קיום למטה (ע"י האדם)[73].

---

67) ראה חסד לאברהם (מעין שני נהר סד) בנוגע למצות פו"ר, ד„שכינה בתחתונים תלוי' במצוה זו". ולהעיר מהמבואר בכ"מ, שע"י מצות פו"ר נעשה גילוי כח הא"ס למטה — ראה בגדו"ד לקו"ש חכ"ה ע' 32. וש"נ.

68) בראשית שם, כח. וראה רמב"ן עה"פ.

69) ראה לקמן הערה 73.

70) ראה מדרש הנעלם פ' נח (הובא בבאר השדה נח שם בביאור דברי הרא"ם שבהערה 14), אם התורה היתה ממדרשו של שם למה הוצרך הקב"ה לצוות לב"נ אותן הז' מצוות שנצטוו שהרי בתורה נכתבו קודם לכן כו'. ומבאר שם (בבאר השדה), שכיון שבא מבול לעולם ותשחת הארץ והשתא פנים חדשות באו לכאן והעולם נתחדש וכרת עמהם ברית, מן הראוי' הי' שיתן להם הקב"ה תורה חדשה שלימה, אלא משום שחשש הקב"ה שיפרקו עול כו' לכן בירר להם ז' מצוות כו', ולכן חזר וצוה להם שישמרו הז' מצוות הללו.

71) ראה בארוכה של"ה חלק תושב"כ ריש פרשתנו בביאור ההפרש בין ציווי פו"ר לאדה"ר והציווי לנח ובניו. ושם — שהציווי לאדה"ר הוא „מלמעלה למטה", והציווי לנח — „מלמטה למעלה".

72) ועפ"ז יומתק ביאור הרא"ם (דלעיל הערה 14), שטעם כפל הציווי הוא משום שהי' נח דואג לעסוק בפו"ר שמא לא יתקיים העולם.

73) ראה תנחומא ישן ברכה א' (נעתק בתו"ש פרשתנו ט אות ב): כשברא את האדם ברכו שנאמר ויברך אותם אלקים, והי' העולם מתנהג באותה ברכה, עד שבא דור המבול ובטלוה, שנאמר ויאמר ה' אמחה את האדם אשר בראתי, ראה הקב"ה שבטלה מהם אותה ברכה, חזר ובירך את נח ואת בניו כו'. וראה של"ה שם, שבאם לא חטא אדם הי' נתקיים בו המצוה ד„פרו ורבו גו'" באופן שכל א' מהתולדות יתקיימו באיש, וע"י החטא כו' ובא המבול ולא נתקיים אפילו במין, ואלה תולדות נח שיצא מן

ויש לומר, אַז דער כח (בכללות) אויך אויף דער צווייטער ברכה וציווי (לנח ובניו) קומט פון דער ערשטער ברכה וציווי (לאחרי בריאת האדם), וועלכע איז אַ ציווי כללי הכולל כל אופני העבודה פון „פרו ורבו גו'" (מצד הציווי למעלה — לפני המבול, ומצד עבודת המטה — לאחרי המבול), אָבער שלימות הענין איז אַרויס דורך דער ברכה וציווי און קיום מצוה זו בפועל לאחרי המבול.

ז. עפ"ז וועט מען אויך פאַרשטיין דעם טעם השינוי אין לשון הציווי בפ' נח וואו עס שטייט ניט „וכבשוה" און מ'איז מוסיף „שרצו בארץ ורבו בה", בשינוי פון דעם לשון הציווי בפ' בראשית:

„וכבשוה" איז דער טייטש אַז מ'איז כובש אַ זאַך בעל כרחו, ניט ברצון הנכבש[74] [ווי פאַרשטאַנדיק אויך פון דרשת חז"ל[8] (הובא בפרש"י) אויף „וכבשוה", „איש דרכו לכבוש ולא האשה", וואָס דאָס גייט אויף כיבוש הארץ במלחמה[75]). ע"ד דער ענין הממשלה[76] וואָס איז בעל כרחו, ניט ווי ענין המלכות — וואָס איז ברצון (ווי דער לשון[77] „ומלכותו ברצון קבלו עליהם")[78].

דאָס הייסט, אַז „וכבשוה" (בכללות) באַדייט אַ מצב מיט וועלכן מ'דאַרף מלחמה האָבן און איבערמאַכן בעל כרחך, ווייל מצ"ע (כרצונו) האָט ער דערצו קיין שייכות ניט.

אין דער עבודה פון מאַכן אַ דירה בתחתונים בתחלת הבריאה (קודם טהרת וזיכוך העולם ע"י המבול) — פאָדערט זיך במיוחד אַ פעולה באופן פון „וכבשוה", וואָרום די שלימות אין וועלט איז מצד כח הבורא און ניט מצד ענינה (דהעולם) גופא, ואדרבה — די וועלט מצ"ע איז נאָך ניט קיין כלי צו אלקות. דעריבער דאַרף מען איר כובש זיין, באופן של ממשלה.

משא"כ לאחרי דעם כח הטהרה והזיכוך בעולם וואָס האָט זיך אויפגעטאָן דורך דעם מבול און דורך עבודת נח — איז דעמולט ניט די הדגשה אויף כיבוש הארץ, היפך רצון העולם, ווייל אדרבה — דעמולט איז געגעבן געוואָרן דעם כח אויף טאָן שלימות העבודה באופן פון „מלכותו ברצון קבלו עליהם". דעריבער שטייט דאָרט ניט „וכבשוה", נאָר דער לשון „פרו ורבו", וואָס באַדייט די עבודה חיובית (בדרך נייחא, ברצון), און נאָכמער — „(פרו ורבו) שרצו בארץ ורבו בה", אַ הוספה אין דער פעולה חיובית והתפשטות בריבוי[79] פון תולדות האדם בכל הארץ[80] (משא"כ בפ' בראשית שטייט נאָר „פרו ורבו ומלאו את הארץ").

ובפרטיות יותר:

וויבאַלד אַז „וכבשוה" שטייט אין דעם ציווי ראשון וכללי פון „פרו ורבו גו'" (לאחרי בריאת האדם), וועלכע גיט אַרויס תכלית בריאת האדם (כנ"ל), איז פאַר־

---

התיבה קיום העולם בפו"ר קיום במין, עד זמן משיח בן דוד אז יתקיים באיש כו', עיי"ש.

74) ולהעיר מפרש"י ר"פ בראשית: לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים.

75) רש"י קדושין לה, א ד"ה „(איש) דרכו לכבש" — את הארץ במלחמה ואין דרכה כו', וכיון שלא קרינן בה וכבשוה לא קרינן בה פרו ורבו.

76) ראה רמב"ן עה"פ בראשית שם: וכבשוה, נתן להם כח וממשלה בארץ לעשות כרצונם כו'.

77) ברכת אמת ואמונה.

78) לקו"ת דברים א, ריש ע"ב. דרושים לר"ה נו, סע"ב. סידור (עם דא"ח) נג, ג. מילואים ליהל אור — ע' תרפה. ובכ"מ.

79) ראה פרש"י ר"פ שמות עה"פ וישרצו (א, ז): שהיו יולדות ששה בכרס אחד.

80) ראה רמב"ן עה"פ: יכפול המצוה לחזוק לומר שיתעסקו בה בכל יכולת או שציוום ביישוב כל הארץ.

שטאַנדיק אַז אין דעם איז דאָ (אויך) אַ מעלה:

די עבודה פון מאַכן אַ דירה בתחתונים באַשטייט אין דעם, אַז עס זאָל פריער זיין אַ מציאות פון תחתונים, וועלכע זיינען מצ"ע ניט קיין כלים צו אלקות, און דורך דער עבודה פון דעם מענטשן זאָל ער זיי „כובש" זיין און איבערמאַכן פאַר אַ דירה לו יתברך.

און אין דעם גופא זיינען פאַראַן צוויי ענינים: כיבוש בדרך כפי' וממשלה — בירור בדרך מלחמה (מיט אַ תחתון וואָס מצ"ע איז נאָך ניט מבורר ומזוכך כו'), ובכללות — די עבודה לפני זיכוך וטהרת העולם ע"י המבול; די עבודה באופן פון „מלכותו ברצון קבלו עליהם" — בירור בדרך מנוחה (נייחא), ובכללות — דער סדר העבודה וואָס איז נתחדש געוואָרן לאחרי המבול (ווען אין וועלט איז אַריינגעגעבן געוואָרן דעם כח אַז די וועלט מצד ענינה זאָל נזדכך ווערן)[81].

וואָס דערפאַר שטייט דאָרט ניט „וכבשוה", ווייל דער עיקר חידוש לאחרי המבול איז דער כח אויף דער עבודה אין זיכוך וטהרת העולם [הגם אַז אויך לאחרי המבול איז דאָ די עבודה בדרך כיבוש (אפילו בנוגע לבני אדם), עאכו"כ בנוגע לממשלת האדם בחיות הארץ כו', ווי עס שטייט אין פ' נח (בהמשך צו דער ברכה פון „פרו ורבו גו'")[82] — „ומוראכם וחתכם יהי' על כל חית הארץ וגו'"].

ח. ע"פ הנ"ל וועט מען פאַרשטיין דרשת חז"ל[82] אויף „וכבשה" (חסר וא"ו) — „איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש" (ובלשון רש"י עה"פ: „האיש שדרכו לכבוש מצווה על פו"ר ולא האשה"), כדעת רבנן (וכ"ה ההלכה[83]):

דער פירוש אין דעם איז ניט — כדעת הטועים — אַז דער ענין ותוצאה פון „וכבשוה" איז ניטאָ ביי אַן אשה, וואָרום „פרו ורבו גו'" איז אַ ציווי כללי וואָס איז אָנגעזאָגט געוואָרן לאחרי בריאת האדם, וועלכער גיט אַרויס דער תפקיד פון יעדער מענטש (מאַן און פרוי), צו זיך מערן (האָבן קינדער) און זיך באַזעצן און איפּטאָן אין דער וועלט.

ויש לומר הביאור בזה:

דער ציווי („פרו ורבו גו' וכבשוה") צו דעם איש איז אויך כולל די אשה, וואָרום זי איז אַ חלק פון דעם איש, ווי עס שטייט[65] אַז בריאת האדם („ויברא אלקים את האדם") איז אין אַן אופן פון „זכר ונקבה ברא אותם", און דערנאָך — איז די אשה באַשאַפן געוואָרן דורך „ויקח אחת מצלעותיו"[84] [וכפרש"י[65]: שנבראו שני פרצופים בריאה ראשונה ואחר כך חלקו], און דעריבער איז מובן, אַז דער ציווי („פרו ורבו גו'") צו דעם איש (וואָס איז געקומען גלייך נאָך „ויברא אלקים את האדם גו' זכר ונקבה ברא אותם") איז אויך כולל די אשה, זייענדיק אַ חלק („אחת מצלעותיו") פון דעם איש[85].

---

81) ועפ"ז יש לומר, שהענין ד„וכבשוה" הוא (בפרט אחד) עוד יותר לאחרי המבול, כי קודם המבול הי' ב' קצוות — צדיקים שעבודתם היא באופן ד„מלכותו ברצון" (ואין צורך בכיבוש), ורשעים (עד „מלאה הארץ חמס"), שלא שייך לכובשם ולבררם. משא"כ לאחרי הטהרה והזיכוך של המבול, יש מציאות של עולם ששייך לכבוש ולברר כו' (וראה לקו"ש חט"ו ע' 51 ואילך).

82) ט, ב.

83) רמב"ם הל' אישות פט"ו ה"ב. טושו"ע אה"ע סו"ס א.

84) בראשית ב, כא.

85) ולהעיר מהפרת נדרים, שהבעל מפיר נדרי אשתו (והאב מפיר נדרי בתו) — משנה כתובות מו, ב. ועוד. רמב"ם הל' נדרים פי"א ה"ז ואילך. וראה בארוכה אנציקלופדי' תלמודית ערך הפרה (כרך י ע' קיא ואילך). ושי"נ.

ובמכ"ש וק"ו פון דעם ביאור בכתבי האריז"ל[86] בנוגע צו מצוות עשה שהזמן גרמא (אין וועלכע נשים זיינען פטורות), אַז „בעשות הזכר את המצוה אין מהצורך שגם הנשים תעשנה לבדה כי כבר נכללת עמו בעת שעושה אותה המצוה כו', וז"ע מה שארז"ל[87] אשתו כגופו דמיא" [און ווי עס שטייט אויך אין זהר[88], אַז אַן איש ואשה איז כל א' לעצמו „פלג גופא"], עאכו"כ במצות פו"ר, אין וועלכע אַן אשה האָט אַ חלק וסיוע במעשה בפועל [און דערפאַר „יש לה מצוה מפני שהיא מסייעת לבעל לקיים מצותו"[89]], ביז אַז דוקא אין איר איז תלוי אַז דער איש זאָל קענען אויספירן זיין ציווי (דורך „והיו לבשר אחד"[90]), און נאָכמער: דער עיקר ענין ההולדה ווערט דורכגעפירט דוקא דורך דער אשה – איז זיכער אַז די מצוה פון דעם איש איז כולל און ווערט נמשך צו דער אשה[91].

וע"ד ווי דאָס איז בנוגע צו דער מצוה פון „פרו ורבו", אַזוי איז דאָס אויך בנוגע צו דעם פרט (אין דער מצוה) פון „וכב־שוה", אַז הגם ש„איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש", איז דער „וכבשוה" פון דעם איש כולל און ווערט נמשך צו דער אשה.

ט. ויש לומר נאָכמער: נוסף אויף דעם וואָס דער „וכבשוה" פון דעם איש ווערט נמשך צו דער אשה – איז אויך בײַ דער אשה דאָ (בעבודה רוחנית) די פעולה וואָס ווערט אויפגעטאָן דורך „וכבשוה"[92] [און דאָס גופא ווערט צו איר נמשך דורך איר בעל (זייענדיק „אחת מצלעותיו"), און לויט די הוראות פון בעל, כמאחז"ל[93] אשה כשרה שעושה רצון בעלה].

ווי פאַרשטאַנדיק בפשטות, אַז אַן אשה ובת בישראל איז באַשאַפן געוואָרן (אַזוי ווי אַן איש) צו אויפטאָן און „איינעמען" איר חלק בעולם. ובפרטיות: זייענדיק אַן עקרת הבית (ועד"ז אויך די בת המתחנכת בהתאם לזה) ליגט אויף איר די אחריות צו „כובש" זיין און זיין אַ בעה"ב'סטע אין איר שטוב און אַלע בני בית, און זיי באַלייכטן מיט „נר מצוה ותורה אור"[94]. ואדרבה: עיקר והתחלת עבודת „הכיבוש" הויבט זיך גאָר אָן אין שטוב, און דערנאָך ווערט עס נמשך מחוץ לבית (דורך דעם איש שדרכו לכבוש). ועד"ז בכיבוש המלך, איז ער פריער כובש מדינה שלו און דערנאָך מדינות אחרות (אַ מלך טיפשי[95] איז כובש מדינות אחרות פאַר זיין אייגענע מדינה . . .).

און דאָס וואָס חז"ל זאָגן אַז „איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכבוש", י"ל דער פירוש אין דעם, אַז דאָס איז מבאר דעם חילוק אין דעם אופן ופעולת הכיבוש צווישן אַן איש און אַן אשה[96]:

---

86) טעמי המצוות פ' בראשית. שער מאמרי רשב"י לתקו"ז תס"ט. וראה מערכת האלקות פ"י. וראה אוה"ת בא ע' שמט־שנ. פינחס ע' איקצט־איר. לקו"ש חל"א יתרו תשמ"ט ס"ד ואילך.

87) מנחות צג, ב (וראה תוד"ה ידו שם). ברכות כד, א. ושי"נ. זח"ב קיז, ריש ע"ב.

88) ח"ג ז, ב. קט, ריש ע"ב. רצו, א.

89) ר"ן רפ"ב דקידושין. וראה קרבן נתנאל על הרא"ש שם. וראה לקו"ש חי"ד ע' 41 ואילך. ועוד.

90) בראשית ב, כד.

91) ואדרבה: כיון שהאשה היא חלק מן האיש – אינו מתאים שיהי' ציווי בפ"ע אל האשה (דכל יתר (בקדושה) כבטול דמי – חולין נח, ב. ועוד).

92) ולהעיר מהשקו"ט באם האשה יוצאת ל־מלחמה (מלחמת מצוה) – ראה ס' לאור ההלכה (להרש"י זוין) ע' כה ואילך. ושי"נ.

93) ילק"ש שופטים רמז מב. ועוד.

94) משלי ו, כג.

95) ראה מגילה יב, א.

96) ולהעיר שגם להדיעות שאשה יוצאת ל־מלחמת מצוה (ראה לעיל הערה 92), פעולתה שונה מפעולת האיש במלחמה – ראה לאור ההלכה שם.

כיבוש בפירושו הפשוט (כנ"ל ס"ז) — איז אַז מ'איז כופה דעם נכבש בעל כרחו (היפך רצונו) דורך אַרויסגיין קעגן אים במלחמה מיט אַ תוקף וחיזוק (און אַמאָל — מיט געשרייען) — איז דער דרך פון אַן איש, „איש דרכו לכבוש", אָבער דאָס איז ניט דער דרך פון אַן אשה, „ואין האשה דרכה לכבוש" (באופן פון כיבוש האיש), וואָרום „כבודה בת מלך פנימה"[97], און איר דרך איז ניט דורך אַרויסגיין און מיט אַ תוקף וחוזק (פאַרבונדן אַמאָל אויך מיט גאוה) וואָס רייסט די אויגן וכו'.

משא"כ דער ענין אין „כיבוש" (הנ"ל ס"ז), אַז מ'איז כובש און מ'מאַכט איבער דעם תחתון פון וועלט (וואָס מצ"ע איז ניט קיין כלי אויף אלקות) פאַר אַ דירה לו יתברך — איז דאָס פאַראַן (אויך) ביי אַן אשה[98]:

און דער „כיבוש" ביי אַן אשה איז באופן פון „וכבשה" חסר וי"ו, אָן אַ המ־שכה מחוץ הימנה והמשכה מחוץ להג־בלות שלה, נאָר באופן פון „כבודה בת מלך פנימה"[97], „פנימה" דוקא — סיי פנימה במקום, אַז איר עיקר עבודה איז אין בית פנימה (אַלס עקרת הבית), און סיי פנימה אין תוכן — אַז איר אופן הפעולה איז ניט מיט אַ תוקף און שאַרפקייט, נאָר פנימה — מיט אַ פנימיות'דיקע איידלקייט, און כבודה — בדרך כבוד ודרך ארץ ומנוחה.

י. ועפ"ז איז אויך פאַרשטאַנדיק די שייכות פון דעם לימוד פון „וכבשוה", אַז „איש דרכו לכבוש ואין אשה דרכה לכ־בוש" מיט דעם אַז האיש מצווה על פו"ר: וויבאַלד אַז „איש דרכו לכבוש", באופן של השפעה בתוקף וכו', דערפאַר איז ער מצווה בפו"ר, משא"כ די אשה שאין דרכה לכבוש איז מקבל די מצוה פון דעם איש; און דערפון ווערט עס אויך נמשך אין זייער אופן העבודה, אַז פעולת האיש הערט זיך שטאַרק אָן (בדרך כיבוש), משא"כ פעולת (ו„כיבוש") האשה איז אין אַן אופן „פנימה"[99].

דערפון איז אָבער אויך מובן, אַז ניט נאָר וואָס בא דער אשה איז ניטאָ קיין חסרון לגבי האיש, נאָר אדרבה: איר אופן הפעולה האָט אין זיך אַ מעלה לגבי פעולת האיש: וויבאַלד אַז „איש דרכו לכבוש", באַווייזט עס אַז דער עיקר אופן ווי ער קען אויפטאָן איז דורך כיבוש וממשלה[100] (און ניט דורך מלכותו ברצון קבלו עליהם), הן מצד דעם חסרון במצב התחתון והן מצד דעם חסרון בכח האדם, אַז זיין השפעה איז אַ השפעה חיצונית (ע"ד די עבודה קודם המבול): משא"כ אַן אשה, וואָס „אין דרכה לכבוש", טוט אויף באופן „פנימה", בכבוד ובדרך ארץ (באופן של נייחא[101]), אַ השפעה פנימית — אַזוי אַז דעם מיט וועמען מ'טוט אויף זאָל מקבל זיין ברצון עצמו די השפעה (ע"ד די מעלה פון דער עבודה לאחרי המבול).

און ווי מ'זעט בפועל, אַז בשעת מ'־רעדט מיט אַ צווייטן מיט כבוד ודרך ארץ, בדרכי נועם ודרכי שלום, פועל'ט עס אויף אים שלא בערך מער ווי בשעת מ'שרייט אויף יענעם און מ'שרעקט אים אָן און מ'זויל אים כופה זיין „אַזוי און ניט

---

97) תהלים מה, יד.

98) ולהעיר מיבמות סג, א: אדם מביא חיטין חיטין כוסס, פשתן פשתן לובש (בתמי'), נמצאת מאירה (האשה) עיניו ומעמידתו על רגליו.

99) ועפ"ז יש לקשר זה גם עם לימוד הראשון בפרש"י (ב„וכבשה" חסר וי"ו), „ללמדך שהזכר כובש את הנקבה שלא תהא יצאנית", וי"ל פירוש הפנימי בזה: שפעולת האשה פנימה (בדרך צניעות), „שלא תהא יצאנית", נפעלת בה ע"י הזכר המשפיע.

100) ולהעיר ש„והוא ימשול בך" הוא עונש חוה על החטא (בראשית ג, טז).

101) ולהעיר שאשה היא כנגד ספירת המלכות, שבת מלכתא.

אַנדערש". ביז אַז דער דרך העבודה פון נשי ובנות ישראל, ווערט אויך אַ לימוד ומורה דרך צו אנשים ובנים ווי זיי דאַרפן טאָן זייער עבודה, דוקא בדרך כבוד, ובדרך פנימה[102].

[ויש לומר נאָכמער: פון דרשת חז"ל הנ"ל איז פאַרשטאַנדיק, אַז דער ענין ה־כיבוש — וואָס „איש דרכו לכבוש ואין האשה דרכה לכבוש" — איז ניט קיין חלק פון דער עצם מצוה „פרו ורבו" (נאָר אַ ראי' צדדית, אַז דער איש — וואָס דרכו לכבוש — איז מצווה בפו"ר). ועפ"ז איז מובן, אַז אדרבה — דער עיקר ענין פון „פרו ורבו גו'" איז ביי אַן אשה און ניט ביי אַן איש. און דערפאַר טאַקע איז האיש מצווה על זה ולא האשה: ביי אַן איש פאָדערט זיך אַ ציווי אויף פו"ר ווייל לולא ציווי התורה וואָלט מען ניט געקענט פאַרלאָזן זיך אַז ער מצד תכונתו וועט זיך עוסק זיין בפו"ר; משא"כ אַן אשה דאַרף דערויף ניט האָבן קיין ציווי — ווייל פילנדיק אַז איר שליחות בעולם איז צו זיין די עקרת הבית און אויפשטעלן דורות פון אידן, טוט זי דאָס מצד עצמה].

יא. ויש לקשר הנ"ל מיט דעם וואָס בקביעות שנה זו לייענט מען פ' נח ביום ב' דראש חודש מרחשון:

ראש חודש האָט אין זיך אַ דבר והיפוכו. ער איז מותר במלאכה, אָבער ער ווערט ניט אָנגערופן אַ יום המעשה[103], ביז אַז נשים היטן זיך דעמולט אָפּ פון פאַרשידענע מלאכות[104] (עכ"פ שווערע מלאכות). וואָס דאָס באַווייזט אויף אַ המשכה פון מנוחה (שביתה ממלאכה) אין עניני חול שבעולם. בדוגמת החידוש פון נח, וועלכער האָט גע׳פועל׳ט נייחא בעולם.

וראש חודש מרחשון איז אַלעמאָל צוויי טעג, ע"ד „נח נח" שתי פעמים, נייחא בכפליים.

און בחודש מרחשון הויבט זיך אָן תקופת הגשמים[105] (מר מלשון טפת מים[106]), וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט עבודת ה־מטה, „ואד יעלה מן הארץ"[107], (ניט ווי טל וואָס ווערט נמשך מלמעלה[108]).

וואָס דאָס אַלץ גיט נאָכמער כח אין דער עבודה פון אידן — ישראל דומין ומונין ללבנה[109] (חודש), ביז אַז הם עתידים להתחדש כמותה[110].

און אין דעם קומט צו בר"ח מרחשון ב־שנה זו — שנת ה׳תשא"נ ר"ת הי' תהא שנת אראנו נפלאות — אַז אין דעם מצב העולם ווערט נמשך דער חידוש פון נפלאות (נוסף אויף דער חידוש פון „הי' תהא שנת נסים" בשנה שעברה), ובפרט אַז אין דער שנה עצמה — איז שוין דורך אַ חודש (מלשון חידוש) שלם, און מ׳שטייט שוין בתחלת חודש (חידוש) השני — גיט דאָס נאָכמער צו אין דעם „עולם חדש" וואָס ווערט אויפגעטאָן לאחרי המבול (בפ' נח).

יב. דער לימוד פון האמור לעיל:

קומענדיק יעצט פון חודש תשרי,

---

102) ולהעיר שגם דברי תוכחה צ"ל לא ברבים, כ"א בינו ולבין עצמו (רמב"ם הל' דיעות פ"ו ה"ז. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ח).

103) ראה שמואל־א כ, יט ובמפרשים שם. יחזקאל מו, א. פדר"א פמ"ה. ועוד. וראה סה"ש תשמ"ח ח"א ע' 107, ושי"נ.

104) ראה טושו"ע או"ח סתי"ז. וראה פדר"א שם. וראה לקו"ש ח"ח ע' 315־316. ושי"נ.

105) תענית ה, א ואילך. פרי חדש אוה"ע סקכ"ו ס"ז. וראה ילק"ש מלכים רמז קפד.

106) ראה ישעי' מ, טו. וראה פר"ח שם.

107) בראשית ב, ו.

108) ראה לקו"ת האזינו עג, א ואילך. ובכ"מ.

109) סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג. זח"א רלו, ב. וראה סה"מ תקס"ז ע' מח ואילך. אוה"ת בראשית ד, סע"ב ואילך.

110) נוסח קידוש לבנה — סנהדרין מב, א.

„המרובה במועדות"[111], ונכנס אין דער געוויינלעכע עבודה פון דעם יאָר, איש תחת גפנו ותחת תאנתו[112] — דאַרף באַ יעדער איד זיין דער „צא מן התיבה" (די יציאה פון תיבות התורה והתפלה[113] אין בכל דרכיך דעהו[114], ע"ד די יציאה פון חודש תשרי[115]), און אַרויסגיין טאָן די עבודה פון „פרו ורבו גו'", ביז „וכבשוה" — מאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים, און מ'האָט כח אויף דעם — די ברכה און דער ציווי — פון דעם אויבערשטן.

און דאָס איז אַן עבודה פאַר יעדער איד, מאַן און פרוי, יעדערער לפי אופן ודרך עבודתו — אַן איש (אויך) באופן פון „דרכו לכבוש", און אַן אשה — באופן פון „כבודה בת מלך פנימה".

ונוסף אויף דער עבודה פון נשי ובנות ישראל בביתם פנימה, זעט מען אַז בדורות האחרונים במיוחד — איז באַ זיי צוגעקו־מען אויך די עבודה מחוץ לביתן[116] — אָבער אויך אין אַן אופן פון „כבודה בת מלך פנימה" — מיט אַנדערע נשים ובנות — אין הפצת היהדות בכלל און הפצת המעינות חוצה [כולל דעם ענין פון להקהיל קהילות דנשים בכל שבת ללמוד תורה[117], און אָנפירן מיט „מסיבות שבת" פאַר מיידעלעך וכיו"ב], און זיי (נשי ובנות ישראל) נוצן דערביי אויס זייערע ספעציעלע תכונות וכשרונות [אַזוי ווי דער חוש הציור, וואָס אין דעם איז נוגע אַ ספעציעלן געפיל (רגש), וואָס איז אַמאָל דאָ מערער באַ נשים ובנות], ובכללות — זייער איידלקייט און הנהגה פנימה — צו מוסיף זיין אין הפצת היהדות און הפצת המעינות חוצה.

יג. ויה"ר אַז דורך דער הוספה אין עבודת נשי ובנות ישראל שבדורנו — זאָל דאָס שוין ברענגען די גאולה האמיתית ושלימה, וועלכע קומט בזכות נשים צדקניות שבדורנו זה (דור האחרון ב־גלות), וועלכער איז אַ גלגול פון דור יוצאי מצרים[118], וואָס בזכות נשים צדק־ניות באותו הדור נגאלו ישראל ממצ־רים[119], ו„כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[120], ובאופן פון „אראנו" דוקא,

ווי מ'גייט באַלד לייענען „לך לך

111) ראה ב"י או"ח סתצ"ב (ד"ה ומ"ש). שו"ע אדה"ז שם ס"ב. הוספה לשו"ע אדה"ז (להר"נ מדובראוונע) או"ח סקל"א ס"ח.

112) מ"א ה, ה.

113) כפירוש הבעש"ט בפסוק „בא אל התיבה" — כתר שם טוב בהוספות ס"ח ואילך. וש"נ (וראה צוואת הריב"ש סו"ס עה). וראה לקו"ש ח"א ע' 6 ואילך.

114) משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דיעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א.

115) ראה בארוכה שיחת אדר"ח מרחשון תשמ"ט. כ"ח תשרי שנה זו. ועוד.

116) ויש לעורר על הזהירות שצ"ל בנסיעת אשה ובת מישראל בטקסי או אוטו כשהנהג הוא גברי* (שאפשר להיות בזה חשש של יחוד כו') — וכידוע השקו"ט בזה בספרים**. ובכגון דא — יש לברר חילוקי הדינים ופרטים בזה — אצל רב מורה הוראה.

117) ראה ילק"ש ר"פ ויקהל. וראה תו"ש עה"פ (אות ה) וש"נ. והובא להלכה בשו"ע אדה"ז סר"צ ס"ג. וראה בארוכה ס' השיחות ה'תש"נ ח"א ע' 86 ואילך.

118) שער הגלגולים הקדמה כ. ל"ת וס' הליקוטים עה"פ שמות ג, ד.

119) סוטה יא, ב. במדב"ר פ"ג, ו.

120) מיכה ז, טו.

*) ובפרט שבזמננו (ובפרט בעיר גדולה כמו ניו־יארק וכיו"ב) אפשר לאשה למצוא (או להזמין) טקסי עם אשה נהגת.

**) ראה אוצר הפוסקים ח"ט סקל"ה אות ח. שערים מצוינים בהלכה סימן קנב הערה ג. דבר הלכה סימן טו הערה א. שו"ת חלקת יעקב ח"ב סי"ד. שו"ת ציץ אליעזר ח"ו קונטרס היחוד פט"ו ס"ז־ח. ועוד.

**מארצך גו' אל הארץ אשר אראך"[121], און דערנאך — אין דער פרשה שלאח"ז — "וירא אליו ה'"[122], וכידוע דער סיפור[123] אז דער רבי (מהורש"ב) נ"ע אלס קינד האט אמאל געוויינט און געפרעגט באם זיידן, דעם צמח צדק, פארוואס באווייזט זיך ניט דער אויבערשטער צו אים? — ווערט מקויים בא יעדער איד, "נער ישראל ואוהבהו"[124], "וירא אליו ה'",**

**ביז די שלימות בזה — "והיו עיניך רואות את מוריך"[125], בגאולה האמיתית והשלימה, תיכף ומיד ממש.**

121) ר"פ לך לך (יב, א).

122) ר"פ וירא (יח, א).

123) שיחת ש"פ וירא כ"ף מרחשון תרצ"ג. "היום יום" ט חשון. וראה לקו"ש ח"א ע' 23. ח"ה ע' 86. שם ע' 321. חט"ו ע' 129. ח"כ ע' 61. ועוד.

124) הושע יא, א. וראה לקו"ש חכ"ב ע' 20. וש"נ.

125) ישעי' ל, כ. וראה תניא פל"ו (מו, א).

# משיחות ש"פ לך לך, ח' מרחשון ה'תנש"א

**א. הענין המיוחד שביום הש"ק זה — שבו מסיימים רבים מישראל לימוד ספר הרמב"ם:**

ידועי המנהג שנתפשט (בשנים האחרונות) בתפוצות ישראל[2] ללמוד בכל יום ג' פרקים בספר „משנה תורה" להרמב"ם — על מנת לסיים „משנה תורה" („מקבץ לתורה שבעל פה כולה"[3]) בכל שנה[4], כמו בתורה שבכתב, ש„המנהג הפשוט בכל ישראל שמשלימין את התורה בשנה אחת"[5], שעי"ז נעשה בכל שנה גם הלימוד דתורה שבעל פה כולה (נוסף על הלימוד דתורה שבכתב[6]).

ועי"פ סדר חלוקת הפרקים לכל יום (כנדפס ב„מורה שיעור" ללימוד הרמב"ם) — מסיימים מחזור שביעי דלימוד הרמב"ם ביום הש"ק זה, ו„מתכיפין התחלה להשלמה"[7] — שבו ביום מתחילים מחזור שמיני דלימוד הרמב"ם[8].

וכמה פרטים בדבר:

(א) כללות הענין דסיום לימוד הרמב"ם, (ב) העילוי המיוחד דסיום מחזור שביעי והתחלת מחזור שמיני, (ג) השייכות להזמן שבו מסיימים (בהשגחה פרטית) מחזור שביעי ומתחילים מחזור שמיני דלימוד הרמב"ם — יום הש"ק, ח' מרחשון, בשנת תנש"א, (ד) והשייכות לפרשת השבוע — פרשת לך לך, כדלקמן.

**ב. סיום לימוד הרמב"ם:**

מנהג ישראל (תורה היא) שעושין שמחהיי לגמרה של תורהיי (בתושב"כ, ומזה מובן גם בנוגע לתושבע"פ, משנה תורה), ובמכ"ש וק"ו מהשמחה שבסיום מסכת אחת ע"י יחיד מישראל[12], ועאכו"כ בסיום לימוד הרמב"ם ש„מקבץ לתורה שבעל פה כולה" ע"י רבים מישראל.

ויש להוסיף, שהשמחה לגמרה של משנה תורה היא גם לאלה שאינם משת־

---

1) ראה בארוכה לקו"ש חכ"ז ע' 229 ואילך. ועוד.

2) להעיר מפס"ד הרמב"ם (ריש הל' ממרים) שמנהג שנתפשט בתפוצות ישראל יש בו התוקף דמצות עשה ומצות לא תעשה מן התורה.

3) רמב"ם בהקדמתו לספר.

4) וליתר דיוק: זמן הלימוד הוא פחות משנה שלימה, ולכן הסיום אינו בתאריך קבוע בכל שנה (כמו סיום תושב"כ), אלא הולך ומתקדם (ולדוגמא: סיום מחזור הראשון הי' בי"א ניסן, וסיום מחזור השביעי בח' מרחשון).

5) רמב"ם הל' תפלה רפי"ג.

6) ובלשון הרמב"ם בהקדמתו לחיבורו (בביאור שם הספר „משנה תורה") — „אדם קורא בתורה שבכתב תחלה ואח"כ קורא בזה ויודע ממנו תורה שבעל פה כולה, ואינו צריך לקרות ספר אחר ביניהם".

7) נוסח „מרשות" לחתן בראשית.

8) להעיר, שאף שהשיעור דהתחלת מחזור השמיני הוא למחרתו (כנדפס ב„מורה שיעור") — הרי מצד הענין ד„מתכיפין התחלה להשלמה" טוב ונכון להתחיל תיכף לאחרי הסיום. ולהעיר גם מהנוסח שאומרים בה„הדרן" — „כשם שעזרתני לסיים כו' כן תעזרני להתחיל כו'".

9) שמשתנה משנה לשנה — ראה לעיל הע' 4.

10) ולהעיר, שגם כאשר החגיגה הפומבית לרגל סיום הרמב"ם נערכת בזמן אחר (כמנהג ישראל שמאחרין זמן חגיגת הסיום „משום כבוד התורה . . ביותר הידור ברוב עם כו'" (ס' תורת חיים (להר"ר יעקב שלום סופר) או"ח סתקנ"א סקכ"ז)) — הרי עיקר השמחה היא ב„גמרה של תורה", בו ביום.

11) טור ורמ"א או"ח סתרס"ט. וראה לקו"ש שם הערה 6. ושי"נ.

12) „כשמסיים מסכתא מצוה לשמוח ולעשות סעודה ונקראת סעודת מצוה" (רמ"א יו"ד סרמ"ו סכ"ו).

תפים בלימוד וסיום הרמב"ם בזמן זה, כיון שסדר הלימוד שלהם הוא פרק אחד ליום[13] — ע"ד שמצינו בתורה שבכתב, שאף ש"המנהג הפשוט בכל ישראל שמשלימין את התורה בשנה אחת", "יש[5] מי שמשלים את התורה בשלש שנים":

בנוגע לסיום מסכת — איתא בגמרא[14] "אמר אביי תיתי לי דכי חזינא צורבא מרבנן דשלים מסכתי' עבידנא יומא טבא לרבנן", היינו, שה"יומא טבא" (שמחה) הוא לא רק ללומד ומסיים המסכתא ("צורבא מרבנן דשלים מסכתי'"), אלא גם לשאר התלמידים ("רבנן" סתם) שלא למדו וסיימו מסכת זו, שגם אצלם נעשה "יומא טבא" (שמחה)[15], ולא רק שמשתתפים בשמחה של רב אחר, אלא ששמחה זו נעשית ה־שמחה שלהם ("יומא טבא לרבנן"), כמו ה־שמחה של לומד ומסיים המסכת[16].

ומהטעמים לזה — כיון שכולם עוסקים בלימוד אחד, הן אלה שלומדים מסכתא זו, והן אלה שלומדים שאר מסכתות, שמתאחדים כולם ביחד — כמודגש בחלוקת הש"ס שחשיב כאילו כל אחד מהלומדים (שלמד מסכתא אחת) למד כל הש"ס[17].

ומזה מובן במכ"ש וק"ו בנוגע לעניננו — שכיון שכולם לומדים ומסיימים משנה תורה להרמב"ם, לימוד שוה ממש[18] (ולא רק שכל אחד לומד מסכת אחרת, אלא שמתאחדים בהחלוקה דכל הש"ס), והחילוק שביניהם אינו אלא במשך זמן הלימוד (בשנה אחת, או בשלש שנים), הרי בודאי שגם אלה שמסיימים הלימוד בשלש שנים משתתפים בשמחה לגמרה של תורה ע"י הלומדים בשנה אחת (כהמנהג הפשוט אצל רוב לומדי הרמב"ם), כמו בתורה שבכתב, שגם מי שמשלים את התורה בשלש שנים משתתף בשמחה לגמרה של תורה (שמחת תורה) ע"פ המנהג הפשוט בכל ישראל שמשלימין את התורה בשנה אחת (נוסף על השמחה לגמרה של תורה כשיסיימו הלימוד שלהם בשלש שנים).

ויתירה מזה — שהשמחה לגמרה של משנה תורה שייכת גם לאלה שלעת־עתה אינם משתתפים בלימוד שיעור יומי ב־רמב"ם, דכיון שלימוד משנה תורה בכל שנה נתפשט בתפוצות ישראל, הרי הסיום הוא שמחה דכלל ישראל, וכמו בשמחת־תורה שע"פ מנהג ישראל משתתפים בה כל ישראל ממש (גם אלה שלעת־עתה אינם עוסקים בלימוד התורה), מצד ה־שייכות דכל ישראל לכל התורה כולה — "מורשה קהלת יעקב"[19].

ג. ומעלה יתירה בסיום זה — סיום מחזור שביעי והתחלת מחזור שמיני:

לאחרי שלומדים ומסיימים משנה תורה במחזור ראשון, הלימוד והסיום ב־מחזור שני הוא באופן נעלה יותר מב־

---

13) ועאכו"כ אלה שלומדים ספר המצוות לה־רמב"ם כפי שנחלק באופן מקביל ללומדי משנה תורה להרמב"ם ג"פ ליום, שהסיום שלהם הוא באותו זמן שמסיימים הלימוד דג"פ ליום.

14) שבת קיח, סע"ב ואילך.

15) להעיר ממנהג ישראל בתענית בכורים שגם אלה שלא למדו וסיימו המסכת משתתפים בסעודת מצוה דסיום המסכת ואינם מתענים.

16) ועפ"ז יומתק מאמרו של אביי "כי חזינא צורבא מרבנן דשלים מסכתא עבידנא יומא טבא לרבנן" — שאביי (ולא (רק) ה"צורבא מרבנן דשלים מסכתי'") עושה "יומא טבא לרבנן".

17) ע"ד שמצינו בהלכות שבת שמלאכה שאי אפשר לעשותה אלא בשנים חשיב כאילו שניהם עשו כל המלאכה (שבת צג, א), ועד"ז בנדו"ד, שכיון שמפני צוק העתים אי אפשר לסיים הש"ס אלא ע"י החלוקה לכמה מישראל, הרי זה נחשב כאילו כל אחד מהם למד כל הש"ס (ראה לקו"ש ח"י ע' 267. וש"נ).

18) וכן אלה שלומדים ספר המצוות — תוכן וקיצור ומקביל לספר משנה תורה.

19) ברכה לג, ד.

מחזור ראשון, ובמחזור שלישי באופן נעלה יותר מבמחזור שני, וכן במחזורים שלאח"ז, עד ללימוד וסיום מחזור שביעי, שמפעם לפעם נעשה הלימוד והסיום ב־אופן נעלה יותר — „מעלין בקודש"[20], ולא עוד אלא ש„מעלין בקודש" גם בההוספה עצמה, היינו, שההוספה במחזור שלישי לגבי מחזור שני היא הוספה נעלית יותר מאשר ההוספה במחזור שני לגבי מחזור ראשון, ועאכו"כ בנוגע להוספה במחזור שביעי לגבי כל המחזורים שלפנ"ז.

ונוסף על העילוי וההוספה ממחזור למחזור — יש עילוי מיוחד בסיום מחזור שביעי[21]:

ידוע מ"ש בתשובות הרשב"א[22] שמספר שבע מורה על שלימות ההיקף, כמודגש בענין הזמן (שבו קשורים כל עניני העולם שהם כולם בגדר הזמן[23]) שנחלק לשבעה ימים (ששת ימי השבוע ויום השבת), שבעת ימי ההיקף, שבהם נכללים שית אלפי שנין דהוי עלמא (כנגד ששת ימי השבוע) ואלף השביעי (כנגד יום השבת).

ויש להוסיף, שגם השלימות דישראל היא במספר שבע — שבעת קני המנורה, שרומז על כנסת ישראל שנחלקת לשבע סוגים, שהם שבע מדרגות בעבודת ה', כנגד שבעת המדות[24], ובצירוף כולם יחד נעשית השלימות ד„מנורת זהב כולה"[25], „מקשה זהב עד ירכה עד פרחה מקשה היא"[26].

ומזה מובן שיש עילוי מיוחד שבסיום מחזור השביעי — שלימות ההיקף בלימוד משנה תורה[27].

ולאחרי שלימות ההיקף בסיום מחזור שביעי מתחילים מחזור שמיני, שבו נוסף עילוי שבאין־ערוך — כי, מספר שמיני הוא למעלה מימי ההיקף ושלימות ההיקף, ובלשון הרשב"א „מקודש ועומד בפני עצמו שומר ההיקף"[28], היינו, שמספר שבע קשור עם גדרי העולם (שלימות דהעולם), ומספר שמונה הוא למעלה מגדרי העולם[29].

ויש להוסיף בביאור העילוי דמספר שמונה לגבי השלימות דמספר שבע

---

20) ברכות כח, א. וש"נ.

21) להעיר ממארז"ל (ויק"ר פכ"ט, יא) „כל השביעין חביבין"*.

22) ח"א ס"ט. וראה ד"ה ויהי ביום השמיני תרע"ח, תש"ד ותש"ה. ועוד.

23) ראה שעהיוה"א פ"ז. ובכ"מ.

24) לקו"ת ר"פ בהעלותך. ובכ"מ.

*) ושם: „באבות שביעי חביב . . משה" — די"ל שבזה מרומזת גם השייכות לרבינו משה בן מיימון, כפתגם גדולי ישראל „ממשה ועד משה לא קם כמשה" (ראה שם הגדולים להחיד"א ערך ר' משה גאון. ובכ"מ).

25) זכרי' ד, ב.

26) בהעלותך ח, ד.

27) להעיר שגם בתורה מודגשת השלימות דשבע – כמארז"ל „חצבה עמודי' שבעה אלו שבעה ספרי תורה" (שבת קטז, רע"א).

28) ובפרטיות יותר: אף שנקרא „שומר ה־היקף", אין זה באופן שענינו הוא לשמור ההיקף, שבזה מודגש שעם היותו למעלה מההיקף (שלכן ביכלתו לשמור על ההיקף) יש לו שייכות להההיקף (ששומר עליו), אלא שהוא „מקודש ועומד בפני עצמו", למעלה לגמרי מההיקף (ראה גם הערה הבאה), ועד שגם שמירת ההיקף היא (לא ע"י פעולה מיוחדת, אלא) כמו בדרך ממילא, שמצד גודל מעלתו מתבטלים מאליהם הענינים הבלתי־רצויים (שבגללם יש צורך בשמירה).

ועפ"ז יומתק שמקדים „מקודש ועומד בפני עצמו" ל„שומר ההיקף" (אף שהסדר מלמטה ל־מעלה הוא שביעי, שומר ההיקף, למעלה מההיקף אבל שייך אליו, ולאח"ז בחי' שמיני כפי שהוא „מקודש ועומד בפני עצמו") – כדי להדגיש שגם שמירת ההיקף אינה באופן ששייך להההיקף, אלא כפי שהוא „מקודש ועומד בפני עצמו".

29) ראה כלי יקר ר"פ שמיני: „כל מספר ז' חול ומספר שמיני קודש . . כי מספר זה מיוחד אליו ית'".

(שלימות ההיקף) — ע״פ הידוע שמספר שמונה קשור עם הגאולה, כמארז״ל[30] „כינור של מקדש של שבעת נימין הי׳ . . ושל ימות המשיח שמונה״[31]*, ומרומז באות ח׳ (שמספרו שמונה) ר״ת חירות[32]*, ומזה מובן שמספר שמונה הוא בפני עצמו (באין־ערוך) למספר שבע, כמו הבפני עצמו והאין־ערוך דגאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו לגבי הזמן שלפני הגאולה.

ובסגנון דתורת החסידות — שמספר שמונה קשור עם בחי׳ המוחין (בינה, ספירה השמינית מלמטה למעלה, ועוד שכוללת ג׳ ראשונות) שלמעלה משבעת המדות השייכים לעולם שנברא בשבעת ימים כנגד שבעת המדות, ולכן, בזמן הזה עיקר העבודה היא בבירור שבעת המדות (שזהו״ע כיבוש ארץ שבע אומות), ולעתיד לבוא יהי׳ גילוי המוחין[33], בחי׳ השמינית, שכוללת ג׳ ראשונות (שזהו״ע כיבוש ארץ עשר אומות (גם ארץ קיני קניזי וקדמוני, כנגד ג׳ ראשונות) לעתיד לבוא)[34].

ויש לומר, שענין זה מרומז גם בסיום וחותם משנה תורה להרמב״ם בפסוק[35] „כי מלאה הארץ דעה את ה׳ (ומוסיף גם סיום הפסוק) כמים לים מכסים״ (דלא כבהלכות תשובה[36] שמביא רק „כי מלאה הארץ דעה את ה׳״) — כי, „מלאה הארץ דעה את ה׳״ מדגיש השלימות דהארץ (שלימות ההיקף, מספר שבע, בחי׳ המדות), שהארץ כולה „מלאה״ ב„דעה את ה׳״, והיא (עדיין) ב־מציאות „ארץ״ (עולם); ולאחרי זה באים לדרגא שלמעלה משלימות העולם (שומר ההיקף, מספר שמונה, בחי׳ המוחין) — „כמים לים מכסים״, שמציאות הארץ מכוסה במים עד שלא רואים אלא „מים לים מכסים״[37].

**ד.** והדגשה יתירה בכהנ״ל (הן בנוגע לכללות הסיום דמשנה תורה והן בנוגע לסיום מחזור השביעי והתחלת מחזור השמיני) — מצד השייכות לזמן הסיום:

השמחה לגמרה של משנה תורה מודגשת ביותר מצד הסמיכות והשייכות לגמרה של תורה (שבכתב) בשמחת־תורה, כיון שבהמשך לה באה השמחה לגמרה של משנה תורה — למחרת היום שבו מסתיימים מועדי חודש תשרי (ז׳ במרחשון, שבו חוזר אחרון שבישראל לנהר פרת[38]), שסיומם וחותמם בשמחת־תורה[39].

זאת ועוד:

סיום מחזור שביעי והתחלת מחזור שמיני הוא בזמן הקשור עם העילוי דשבע

---

30) ערכין יג, ב ובחדא״ג מהרש״א שם (וראה לקמן הערה 32).

31) להעיר שמשיח הוא (השמיני*) משמונה נסיכי אדם (מיכה ה, ד. סוכה נב, ב), ו„שמונה שמות נקראו לו למשיח״ (מדרש משלי ספי״ט).

32) ראה לקו״ת תזריע כא, ד: „ופי׳ מהרש״א שם שבע נימין כל הקדושות הולכים בשבע ע״ד שבת שהוא השביעי כו׳, ושל ימות המשיח נוסף* בחי׳ א׳ שמשם נמשך החירות כו׳״.

33) מוחין כשלעצמם, נוסף על בחי׳ המוחין השייכים אל המדות.

34) ראה בארוכה מאמרי אדהאמ״צ דברים בתחלתו. ובכ״מ.

*) ע״פ גירסת העין יעקב (בסוכה שם), וכ״ה ביל״ש מיכה שם (רמז תקנב).

*) ולהעיר שלשון המהרש״א שם: „נוסף שיר א׳ (נימא אחת), ע״פ מ״ש אין בין עוה״ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות״ — ענין החירות, ובלקו״ת מוסיף ומפרש „שמשם נמשך החירות״.

35) ישעי׳ יא, ט.

36) פ״ט ה״ב.

37) נתבאר בארוכה בה„הדרך״ (לקמן ע׳ 98 ואילך).

38) תענית י״ד, א — במשנה.

39) ולהעיר, שלימוד הרמב״ם מחדש (במחזור שמיני) שמתחיל (תיכף לאחר הסיום) למחרת ז׳ מ־רחשון, המשך וסיום דשמחת תורה — סיומו בשמחת תורה הבעל״ט, גמרה של תורה שבכתב ושבעל פה ביום אחד.

## משיחות ש"פ וישלח, י"ד כסלו ה'תנש"א

א. נאָכדעם וואָס יעקב האָט פאַרענדיקט זיין עבודה אין חרן (באַ לבן) בהקמת ביתו וכו', און איז פון דאָרט אַוועק, ע"פ ציווי ה'[1] „שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך" — „ויעקב הלך לדרכו וגו'"[2] — ווערט דערציילט אין אונזער פרשה אַז „וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום"[3], און בארוכה — וועגן דעם צוזאַמענטרעפן זיך צווישן יעקב און עשו.

שטעלט זיך די שאלה: וויבאַלד אַז יעקב האָט געהאַט דעם ציווי ה' „שוב אל ארץ אבותיך ולמולדתך", צוזאַמען מיט הבטחת ה'[4] „ואהי' עמך"[5] [נוסף צו דער הבטחה בתחלת הליכתו לחרן[6]: „והנה אנכי עמך ושמרתיך גו' והשיבותיך אל האדמה הזאת גו'", און נדר יעקב[7] „ושבתי בשלום אל בית אבי"][8] — האָט ער (לכל לראש) געדאַרפט מקיים זיין דעם ציווי און צוריקגיין[9] אין ארץ ישראל[10], איז פאַרוואָס האָט ער דאָס מעכב געווען און בינתיים געשיקט „מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר" „להודיע שאני בא אליך"[11], און ערשט נאָך דעם גאַנצן סיפור מיט עשו מקיים געווען דעם ציווי „שוב אל ארץ אבותיך גו'", ווי דערציילט בהמשך הפרשה[12] „ויבא יעקב שלם עיר שכם גו'", „ויבא יעקב אל יצחק אביו וגו'"[13], און בעיקר בפרשה שלאחרי זה — „וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען"[14]?

1) ויצא לא, ג.

2) שם לב, ב.

3) ריש פרשתנו.

4) ונוסף לזה הי' לו בפועל הלוי' ושמירה של המלאכים — „ויפגעו בו מלאכי אלקים", מלאכי א"י ש„באו לקראתו ללוותו לארץ", ולפני זה — מלאכי חו"ל ש„באו עמו עד כאן" (ס"פ ויצא ובפרש"י).

5) וכפי שהתפלל יעקב לה' (בריש פרשתנו — לב, י) „ה' האומר אלי שוב לארצך ולמולדתך ואיטיבה עמך".

ואף שאמר „קטנתי מכל החסדים, נתמעטו זכיותי ע"י החסדים והאמת שעשית עמי לכך אני ירא שמא משהבטחתני נתלכלכתי בחטא ויגרום לי להמסר ביד עשו" (שם, יא ובפרש"י) — הרי תפלה זו התפלל יעקב לאחרי ששלח מלאכים אל עשו, ושמע שעשו הולך לקראתו עם ארבע מאות איש. ועוד: אפילו באם יעקב הי' ירא מעשו, הי' אפשר לשלוח לו מלאכים לפייסו כו' לאחרי שיקיים ציווי ה' „שוב אל ארץ אבותיך".

6) ויצא כח, טו.

7) שם, כא.

8) ולא הי' לו לפחוד מעשו, כי עשו „לדרכו הי' מהלך" (ב"ר ריש פרשתנו (פע"ה, א־ג). הובא ברמב"ן ריש פרשתנו. וראה רא"ם ס"פ ויצא), „שכבר נח רוגזו' שהרי אמו שלחה אחריו שנאמר עד שוב אף אחיך וגו' (תולדות כז, מה), ובשלחו אליו הי' מעורר השנאה" (מת"כ שם). ועיי"ש במדרש ובמפרשי המדרש עוד פרטים בזה.

וגם בפשטות הכתובים לא נאמר „ויירא יעקב מאד ויצר לו" (פרשתנו לב, ח) עד לאחרי תשובת המלאכים אליו „באנו אל אחיך אל עשו וגם הולך לקראתך וארבע מאות איש עמו" (שם, ז). וראה לבוש הארה ריש פרשתנו.

9) ראה רא"ם ס"פ ויצא (בדחיית פירוש הרמב"ן שם), שיעקב לא הי' חוזר לארץ ישראל דרך אדום. וראה הערה הקודמת.

10) ואח"כ הי' יכול לשלוח מלאכים אל עשו לפייסו כו', או: כיון שהי' לו הבטחת ה' הי' מקום שלא ישלח אליו מלאכים, ורק באם עשו יבוא אליו אז ישתדל לפייסו.

11) פרש"י פרשתנו לב, ו.

12) לג, יח.

13) שם לה, כז.

14) ר"פ וישב.

איז דערפון גופא מובן, אַז דער ענין פון „וישלח יעקב מלאכים אל עשו גו'" איז נוגע צו שלימות העבודה פון יעקב, כולל — בכדי קענען מקיים זיין בשלימות ציווי ה' „שוב אל ארץ אבותיך".

ב. דערפון קומט צו נאָך אַן ענין וואָס מ'דאַרף פאַרשטיין אין דער פרשה:

אפילו לאחרי דער סיום הסיפור (בפרשתנו) וועגן פגישת יעקב ועשו, און דעם המשך הסיפור וועגן נסיעת יעקב („ויעקב נסע סוכתה גו', ויבא יעקב שלם עיר שכם גו'"[15], און וועגן מעשה שכם[16], ונסיעת יעקב לבית א-ל[17] וכו'), ביז „ויבא יעקב אל יצחק אביו גו'"[13] — קערט זיך צוריק די תורה צו דערציילן בפרטיות „ישובי עשו ותולדותיו"[18] [„תולדות עשו"[19], און בהמשך לזה[20] — „המלכים אשר מלכו בארץ אדום", און „שמות אלופי עשו"[21]] — און ערשט דערנאָך — בפרשה שלאחרי זה — איז די תורה ממשיך וועגן ישוב יעקב בארץ כנען, „וישב יעקב בארץ מגורי אביו".

לויט דעם קומט אויס, אַז די תורה איז מפסיק דעם סיפור וועגן יעקב'ס אומקערן זיך פון חרן לארץ ישראל מיט „ישובי עשו ותולדותיו" — אַן ענין צדדי לגמרי לכאורה.

מפרשים[22] זיינען מסביר אַז דאָס פאַרענטפערט רש"י מיט זיין פירוש (בר"פ וישב): „אחר שכתב לך ישובי עשו ותולדותיו בדרך קצרה שלא היו ספונים וחשובים לפרש היאך נתיישבו וסדר מלחמותיהם כו' פירש לך ישובי יעקב ותולדותיו בדרך ארוכה כל גלגולי סבתם לפי שהם חשובים לפני המקום להאריך בהם כו', משל למרגליות שנפלה בין החול אדם ממשמש בחול וכוברו בכברה עד שמוצא את המרגליות, ומשמצאה הוא משליך את הצרורות מידו ונוטל את המרגליות". און דאָס איז דער טעם פאַרוואָס די תורה דערציילט בכלל וועגן „ישובי עשו ותולדותיו", און איז דערמיט מפסיק דעם סיפור וועגן יעקב, און ערשט דערנאָך איז די תורה ממשיך וועגן „ישובי יעקב ותולדותיו" („וישב יעקב גו'"), וואָס דאָס איז כולל „עד סוף כל התורה"[23] — בכדי אַרויס־ברענגען די מעלה פון יעקב ותולדותיו (די „מרגליות"), וועלכע ווערן נתגלה לאחרי וואָס מ'דערציילט (בדרך קצרה) וועגן ישובי עשו ותולדותיו, מרגליות וועלכע זיינען לכתחילה מעורב אין דעם „חול", און „כוברו בכברה עד שמוצא את המרגליות".

מ'דאַרף פאַרשטיין: מצד דעם גודל הדיוק אין תורה — איז מסתבר זאָגן, אַז דער סיפור בתורה וועגן „ישובי עשו ותולדותיו בדרך קצרה" איז ניט נאָר ווי אַ דבר צדדי בכדי אַרויסברענגען די חשיבות לפני המקום פון „ישובי יעקב ותולדותיו" (וועלכע שטייען „בדרך ארוכה"), נאָר — אַז דער עצם ענין פון „ישובי עשו ותולדותיו" (און אַז דאָס שטייט „בדרך קצרה", ע"ד „צרורות" בערך צו „מרגליות") איז נוגע צו דעם עצם מעלה ושלימות פון „ישובי יעקב ותולדותיו" [ע"ד האמור לעיל (סוס"א) אַז די עבודה פון יעקב מיט עשו איז נוגע צו שלימות יעקב].

15) פרשתנו לג, יז ואילך.
16) שם לד, א ואילך.
17) שם לה, א ואילך.
18) לשון רש"י ר"פ וישב.
19) פרשתנו לו, א.
20) שם, לא.
21) שם, מ.
22) גור ארי' ולבוש האורה לפרש"י ר"פ וישב.
23) ראם ולבוש שם.

נאָכמער: יעדער ענין וועלכער שטייט אין תורה – אפילו די ענינים וועלכע זיינען דערנאָך בטל געוואָרן – איז נצחי[24]. ווי דער ראָגאָטשאָווער איז מבאר[25] בנוגע צו שבועת משה[26], אַז ה־מתפיס בו חל הנדר, כאָטש אַז התיר שבועתו (און אַ חכם איז עוקר אַ נדר מעיקרו[27]), „כיון שהשבועה כתובה בתורה הוא דבר הנמשך וכאילו השבועה ישנה תמיד", „דכל שכתוב בתורה הדבר הוא נצחי ולא רק מה שהי'".

דערפון איז אויך מובן בנוגע צום סיפור „ישובי עשו ותולדותיו" בתורה: הגם אַז „לא היו ספונים וחשובים לפרש היאך נתיישבו וסדר מלחמותיהם", און דאָס איז נאָר ע"ד „משל למרגליות שנפלה בין החול אדם ממשמש בחול וכוברו בכברה עד שמוצא את המרגליות, ומש־מצאה הוא משליך את הצרורות מידו ונוטל את המרגליות", כמבואר במפר־שים[28] אַז „אחר שהתחיל הכתוב לדבר מיעקב לא דבר עוד מעשו כי השליך אותו מעליו" – פונדעסטוועגן, וויבאַלד דאָס שטייט אין תורה איז „הדבר הוא נצחי ולא רק מה שהי'", ד.ה. אַז דאָס האָט אין זיך אַן ענין לעצמו (אפילו ניט אַלס הקדמה בכדי אַרויסברענגען מעלת וחשיבות יעקב ובניו).

נאָך אַן ענין וואָס פאָדערט ביאור: בסוף פרשתנו[29] – וואו עס ווערן אַרויס־גערעכנט „שמות אלופי עשו" – איז רש"י מפרש[30] אַז „אלוף מגדיאל – היא רומי". דאַרף מען פאַרשטיין: (א) וואָס איז דער הכרח פון רש"י אויף דעם פירוש? (ב) וואָס וויל רש"י דערמיט מבאר זיין (בפשוטו של מקרא)?

ג. וועט מען דאָס אַלץ פאַרשטיין בהקדים דעם ביאור השייכות פון דער פרשה (וישלח) מיט דער הפטורה, וכידוע אַז די הפטורה איז „מעניינה של פרשה"[31]:

די הפטורה פון דער פרשה איז[32] „חזון עובדי' כה אמר אד' ה' לאדום וגו'", און דער תוכן הנבואה איז וועגן דעם פרעון צו אדום – „עשו הוא אדום"[33] – פאַר דעם וואָס זיי האָבן געטאָן צו אידן (יעקב), ביז – כסיום ההפטורה[34]: „והי' בית יעקב אש ובית יוסף להבה ובית עשו לקש ודלקו בהם ואכלום ולא יהי' שריד לבית עשו גו', ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו והיתה לה' המלוכה" („ליפרע מהר עשו אשר עשו לישראל", „למדך שאין מלכותו שלימה עד שיפרע מזרעו של עשו"[35]).

דאַרף מען פאַרשטיין: (א) אין דער פרשה רעדט זיך לכאורה ניט וועגן דער פרעון פון „עשו הוא אדום", נאָר אדרבה – ווי יעקב האָט צו אים געשיקט מלאכים און זיך משתדל געווען „למצוא חן בעי־ניך"[36] ולפייסו כו', ביז אַז – „וירץ עשו

---

24) ועד „שכל מה שנאמר בתושב"כ ובתושבע"פ הן בהלכה והן באגדה . . וכן ההלכה שעלי' אמרו אח"כ שבדותא היא . . כולם ממש אמר ה' ובאותו הלשון ממש שנאמרו . . וה' עצמו אומר ההלכה והוא עצמו אומר שבדותא היא כו'" (לקוטי לוי"צ אגרות ע' רסו).

25) צפע"נ מהד"ת ע' 134. ועד"ז שם סה, א. וכן גם בצפע"נ תרומות בהשמטות ע' 120. – הובאו במפענח צפונות פ"ה ס"ב. וש"נ.

26) „ויואל משה" – שמות ב, כא.

27) כתובות עד, ב.

28) גו"א ולבוש שם. וראה משכיל לדוד שם.

29) לו, מג.

30) מסדר"א פל"ח.

31) טושו"ע או"ח ר"ס רפד. שו"ע אדה"ז שם וסרפ"ג. טאו"ח סתכ"ח. רמ"א שם ס"ח.

32) ספר עובדי'.

33) פרשתנו לו, א. ח. וראה שם, יט.

34) עובדי' שם, יח ואילך.

35) ראה פרש"י שם, כא.

36) פרשתנו לב, ו. וראה שם לג, ח. ועוד.

לקראתו ויחבקהו ויפול על צוארו וישקהו ויבכו"[37]. ועפ"ז — וואָס איז דער פשט אַז די הפטורה („חזון עובדי"), וועלכע רעדט וועגן פרעון אדום, איז „מענינה של פרשה"? (ב) וואָס איז דער ענין און גודל המעלה פון „הר עשו" אַז „אין מלכותו (של הקב"ה) שלימה עד שיפרע ממנו"[38]? (ג) וואָס איז דאָ דער ענין פון פרעון? פרעון איז שייך זאָגן אויף אַ חוב. אין וואָס באַשטייט דער חוב פון עשו ליעקב וועלכן מ'דאַרף פון אים פורע זיין[38]?

איז דער ענין אין דעם: די הפטורה — וועלכע איז (נוסף צו „מענינה של פרשה") אויך הפטורה מלשון סיום[39], דער סיום ושלימות התוכן פון דער פרשה — איז מגלה אַז דער תוכן הפרשה (דער סיפור וועגן יעקב ועשו) איז ניט אַ סיפור פרטי וועגן חיי יעקב ועשו בשעתם, נאָר אַן ענין כללי בעבודתו של יעקב, וואָס איז נוגע לכל הדורות[40], ביז — דער סיום ושלימות בזה בגאולה העתידה לבוא, ווען עס וועט מקויים ווערן „והיתה לה' המלוכה".

והביאור בזה:

יעקב ועשו זיינען „שני גוים גו' ושני לאומים גו'"[41], ובכללות — מלכות בני ישראל, און מלכות אדום (עשו), „ולאום מלאום יאמץ", „לא ישוו בגדולה, כשזה קם זה נופל וכה"א[42] אמלאה החרבה, לא נתמלאה צור אלא מחורבנה של ירושלים"[43].

און שלימות עבודת יעקב באַשטייט אין דעם, אַז נוסף צו זיין אייגענע עבודה, עבודה מיט זיך, זאָל ער אויך אויפטאָן דעם בירור פון עשו, דער אב ומקור פון אוה"ע (אדום), ובכללות — דער בירור העולם, וואָרום באַ עשו (אין עולם) געפינען זיך ניצוצות קדושות עליונות מאד (מבחי' אורות מרובים דתהו שנפלו בשבירת הכלים דתהו[44]), די קדושה וועלכע מען דאַרף פון אים פורע זיין (ווי אַ פרעון חוב).

ולכן האָט יעקב געשיקט שלוחים אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום — הגם אַז ער האָט פאַרענדיקט זיין אייגענע עבודה אין חרן, און האָט דאָרט אויפגעשטעלט ביתו, „מטתו שלימה"[45] — באַשטייט שלימות עבודתו אין דעם אַז ער זאָל אויך אויפטאָן דעם בירור פון עשו. און דעריבער „וישלח יעקב מלאכים אל עשו", בכדי מודיע זיין עשו אַז ער האָט שוין פאַרענדיקט די בירורים פון עולם התיקון (עבודת דרגת יעקב) זייענדיק באַ לבן אין חרן, און איצטער קען ער (און וויל) מברר זיין עשו'ן וואָס שרשו איז

---

37) שם, ד.

38) ראה רד"ה ועלו מושיעים תרפ"ז.

39) ראה אבודרהם סדר שחרית של שבת (בשם יש אומרים); המנהיג שבת סל"ה; רמ"א או"ח סקמ"ד ס"ב — שהפטורה מלשון סילוק (אלא שם מפרשים — סילוק מתפלת שחרית).

40) ראה רמב"ן ריש פרשתנו: בפרשה זו „יש בה עוד רמז לדורות כי כל אשר אירע לאבינו עם עשו אחיו יארע לנו תמיד עם בני עשו". ובפירוש הרמב"ן מבאר הלימוד לדורות מכמה פסוקים דסיפור יעקב ועשו בפרשתנו.

וזהו נוסף על העיקר — שכל עניני תורה הם תורה — מלשון הוראה (ראה רד"ק לתהלים יט, ח. ס' השרשים שלו ערך ירה. גו"א ר"פ בראשית (בשם הרד"ק). וראה זח"ג נג, ב), ועאכו"כ „מעשה אבות" שהם „סימן לבנים" (ראה תנחומא לך לך ט. ב"ר פ"מ, ו. רמב"ן לך לך יב, ו. וראה לקו"ש חט"ו ע' 76. ושי"נ).

41) תולדות כה, כג.

42) יחזקאל כו, ב.

43) פרש"י תולדות שם.

44) תו"א ריש פרשתנו. ובארוכה — תו"ח שם. ובכ"מ.

45) ויק"ר פל"ו, ה. פרש"י ויחי מז, לא. וראה פסחים נו, א. תו"כ בחוקותי כו, מב. ספרי ואתחנן ו, ד. האזינו לב, ט. ברכה לג, ב.

מבחי' שבירת הכלים דתהו"[46] (שלמעלה מתיקון)[47].

דעמולט האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן אַז עשו (מצד דרגתו הוא) איז נאָך ניט מוכן לזה (ואדרבה: "הולך לקראתך וארבע מאות איש עמו"[48]), און דעריבער האָט יעקב געזאָגט[49] אַז "ואני אתנהלה לאטי לרגל המלאכה אשר לפני ולרגל הילדים ["הילדים רכים והצאן והבקר עלות עלי"[50]] עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", "ואימתי ילך? בימי המשיח – לאחרי "מעשינו ועבודתינו"[51] במשך זמן הגלות בבירור עשו (אדום) – שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו"[52], כמבואר בארוכה אין דער הפטורה (וועלכע איז און באַדייט דעם סיום ושלימות הפרשה) – וועגן דער שלימות הבירור פון עשו (אדום) לעתיד לבוא, ביז "והיתה לה' המלוכה", "ותתגלי מלכותא דהוי' על כל יתבי ארעא ותהי מלכותא דהוי' לעלם ולעלמי עלמיא"[53].

ד. עפ"ז וועט מען פאַרשטיין פאַרוואָס רש"י איז מפרש "מגדיאל היא רומי"[54]:

וויבאַלד אַז "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" וועט נתקיים ווערן בימי המשיח שנאמר "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" (ווי רש"י איז מבאר[52] כנ"ל) – ווערט די שאלה: וואָס פאַר אַ שייכות האָט גלות זה האחרון מיט עשו? פאַרענטפערט רש"י, אַז מגדיאל – וואָס איז פון די אלופי עשו – איז רומי, וועלכע האָט חרוב געמאַכט דעם בית שני, און באַ וועמען אידן זיינען אין גלות פאַר משיח'ן: דער גלות הרביעי, גלות האחרון, איז – גלות אדום[55], גלות רומי[56].

וכמבואר אין מפרשים, אַז רומי ווערט אָנגערופן בשם מגדיאל, ווייל (א) רומי איז "מלשון[57] התרוממות כמו מגדיאל שהוא לשון גדולה, כי זאת העיר הוא ית' מגדיל אותה". (ב) מגדיאל[58] איז מרמז אויף דעם "שיתגדל על כל א־ל", וואָס דאָס שטייט אויף מלכות רומי, אַז איר מלכות וועט פאַרשפּרייט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט, "ויתרומם ויתגדל על כל א־ל"[59].

ויש לומר, אַז דאָס וואָס שטייט דערנאָך אין פסוק (נאָך "אלוף מגדיאל") "אלוף עירם" – אע"פ וואָס מלכות רומי (מגדיאל) איז דער לעצטער גלות – איז אויך אַ חלק פון מלכות רומי; אין מלכות רומי זיינען פאַראַן צוויי דרגות, צוויי זמנים ואלופים: "מגדיאל" מלשון "שיתגדל על כל א־ל", ווי רומי איז מנגד צו אלקות בזמן גלות האחרון, און "עירם" אַ שפּעטערדיקער זמן און אלוף – "למה נקרא עירם שהוא עתיד לערום תסוורית (ער וועט צונויפקלייבן אוצרות) למלך

46) תר"ח ריש פרשתנו.

47) ולמעלה מזה: "יעקב חשב שעשו נתברר כבר וחזר לשרשו הנעלה בחי' המקיפים דתהו שלפני התיקון, ושלח אליו מלאכים כדי "להמשיך בחי' המקיפים דתהו אליו למטה בתיקון שהוא בחי' האו"פ ויאיר המקיף בפנימי ויתייחדו יחד" (תו"א ריש פרשתנו).

48) פרשתנו לב, ז.

49) שם לג, יד.

50) שם, יג.

51) ראה תניא רפל"ז.

52) פרש"י עה"פ (ד"ה "אדוני שעירה") – מב"ר פרשתנו פע"ח, יד.

53) תרגום אונקלוס ויונתן עה"פ.

54) ראה גם לקו"ש ח"ה ע' 411.

55) ראה לעיל ע' 3־162. ושי"נ.

56) ראה פי' הרד"ק עובדי' בתחלתה: רומי היתה בתחלה רובם בני אדום, עיי"ש.

57) גו"א סוף פרשתנו.

58) רמב"ן שם.

59) דניאל יא, לו.

המשיח"[60], ווען רומי וועט שוין מער ניט זיין קיין מנגד, נאָר אדרבה — דורך דעם בירור פון מלכות רומי, ווערט זי נהפך און אַ מסייע לקדושה, דורך דעם וואָס עס ווערן נתברר די ניצוצות קדושה וואָס געפינען זיך אין איר (די אוצרות וועלכע רומי זאַמלט פאַר משיח), אַזוי אַז דורך דעם קומט אַרויס רומי — רוממות ד־קדושה.

ה. מ'דאַרף נאָך פאַרשטיין: אין וואָס באַשטייט די מעלה פון בירור האומות, אַז דוקא אין דעם איז תלוי שלימות העבודה פון אַ אידן (יעקב)?

ויש לומר הביאור בזה, בהקדים הדיוק אין דעם וואָס שטייט אין תורה[61] אַז אידן זיינען „המעט מכל העמים" (און דאָס וואָס „חשק ה' בכם ויבחר בכם" איז „לא מרובכם מכל העמים" נאָר „מאהבת ה' אתכם ומשמרו את השבועה גו'"[62]): אין קדושה איז כמות פאַרבונדן מיט איכות. ועד"ז ווען עס רעדט זיך וועגן נבראים של הקב"ה [וואָס בריאתם איז דוקא בכח ה־עצמות — „הוא לבדו בכחו ויכלתו לברוא יש מאין ואפס המוחלט ממש"[63], און בפרט אַז די התהוות איז בכל רגע ורגע מחדש[64]], איז זייער כמות פאַרבונדן במיוחד מיט איכות (די חיות אלקית וואָס איז זיי מהוה מחי' ומקיים[64]). ועפ"ז איז מובן אַז דאָס וואָס אוה"ע זיינען בכמות אַ סך מערער פון אידן („המעט מכל העמים") איז אויך פאַרבונדן מיט (אַ מעלה אין) איכות כביכול (עכ"פ בפרט אחד).

ואולי יש לומר, אַז דאָס איז ע"ד ובדוגמת די מעלה (איכות) וואָס איז דאָ אין עבודת התשובה על עבירות, אפילו לגבי „עיקר התשובה"[65], תשובה וועלכע איז ניט דוקא אויף עבירות, נאָר „והרוח[66] תשוב אל האלקים אשר נתנה"[67]

— דהגם אַז תשובה איז ניט כטעות העולם[68] אַז דאָס איז אויף עבירות דוקא, נאָר עיקר התשובה איז בבחי' „והרוח תשוב אל האלקים גו'" — איז אָבער [נוסף אויף דעם וואָס מ'איז ניט שולל אַז תשובה איז אויך אויף עבירות, איז אדרבה]: דער־פון גופא וואָס ס'איז דאָ אַ קס"ד בדברי חכמים (כדעת העולם) אַז עיקר התשובה איז אויף עבירות, וואָס אויך אַ קס"ד בתורה איז תורה[69] [ע"ד הנ"ל (ס"ב) בנוגע לשבועת משה], איז מובן, אַז בפרט אחד (אין דעם „עולם" פון דער קס"ד) איז דאָ אַ טעם אַז תשובה זאָל זיין בעיקר אויף עבירות, צוליב דער מעלה וואָס איז דאָ אין דעם —

דורך דעם טוט מען אויף אין דעם תחתון תחתון ביותר (עבירות), דורך תשובה איז מען זיי מבטל און מהפך זדונות לזכיות[70], דורך דעם וואָס מ'איז מעלה די ניצוצות הכי עליונות וואָס געפינען זיך דוקא אין זדונות כידוע (ע"ד די אורות מרובים דתהו). וואָס בענין זה האָט עס אַ מעלה לגבי די תשובה בבחי' והרוח תשוב אל האלקים (בעולם התיקון, שלמטה מתהו).

---

60) ב"ר פרשתנו פפ"ג, ד.

61) ואתחנן ז, ז.

62) שם, ח.

63) תניא אגה"ק ס"ב (קל, ריש ע"ב).

64) ראה שעהיוה"א פ"א.

65) כ"ה הלשון בלקו"ת ר"פ האזינו. וראה דרושי חודש תשרי תרח"צ, שזהו „מהות התשובה".

66) קהלת יב, ז.

67) ראה בכ"ז מקומות שנסמנו בהערה 65. לקו"ת בלק עד, א. ראה כד, ד. דרושים לר"ה ס, ד ואילך. שבת שובה סו, ג. ועוד.

68) לקו"ת דרושים לר"ה שם. וראה גם דרושי חודש תשרי תרח"צ: אין זה כמו שהעולם חושבים.

69) ועי"ד שגם הלכה שעלי' אמרו „בדותא היא" היא תורה ודבר ה', כנ"ל הערה 24.

70) יומא פו, א.

אעפ"כ איז די מסקנא אַז עיקר התשובה איז השבת הנפש לשרשה ומקורה, ווייל אין דעם באַשטייט שלימות התשובה — פאַרבינדן זיך מיט דעם אויבערשטן (שלמעלה מתהו ותיקון), ווי"ל אַז דאָס גיט אויך דעם כח אויף טאָן די תשובה על עבירות, ביז — אַז אויך די תשובה על עבירות זאָל ברענגען צו „והרוח תשוב אל האלקים".

ועד"ז יש לומר בנוגע צו אוה"ע: די מעלה (איכות) וואָס איז דאָ אין בירור האומות (און אין דער עבודה) איז — דער בירור פון דעם חלק הכי תחתון, שנפל בשבירת הכלים דתהו (ע"ד תשובה על עבירות). ובפרט זה האָבן זיי אַ מעלה לגבי אידן [ועמך כולם צדיקים[71]] ווי זיי שטייען בעולם התיקון, ע"ד די מעלה פון תשובה על עבירות (כטעות העולם[72]) אויף תשובה אמיתית (פון אידן — „שובה ישראל עד הוי' אלקיך"[73]): אָבער שלימות העבודה איז דוקא דורך אידן (וואָס ב־שרשם זיינען זיי למעלה מתהו ותיקון), און אויך דער בירור האומות ווערט אויפגעטאָן דורך אידן, און אויך די עבודה פון אוה"ע (והכח על זה) קומט צו זיי אַן דורך אידן[74] — כפס"ד הרמב"ם[75], אַז „צוה משה רבינו מפי הגבורה לכוף את כל באי עולם לקבל מצוות שנצטוו בהם בני נח".

ויש לומר, אַז דאָס זיינען אויך די צוויי ענינים אין דעם סיפור בתורה פון „ישובי עשו ותולדותיו": וויבאַלד אַז דאָס שטייט אין תורה, איז מובן, אַז הגם דאָס שטייט נאָר אַלס הקדמה צו אַרויסברענגען די חשיבות פון יעקב („ומשמצאה הוא משליך את הצרורות מידו ונוטל את המרגליות"), האָט עס אויך אַן ענין לעצמו — צוליב די מעלה וואָס איז דאָ אין דעם בירור פון אוה"ע (ע"ד הקס"ד בטעות העולם במעלת תשובה על עבירות); ולפי המסקנא בתורה ווערט דער סיפור פון „ישובי עשו ותולדותיו" דערציילט בכדי אַרויסברענגען חשיבות יעקב ובניו — צוליב דעם וואָס די עבודה פון אידן איז שלימות העבודה הכוללת כל עניני עבודה (אויך פון בירור האומות)[76].

ווי"ל אַז דאָס איז ע"ד ווי דער חידוש פון תשובה וואָס טוט אויף[77] למפרע[78], און איז מגלה ווי אויך דער קס"ד (באופן הפכי) איז באמת זכיות [ובנדו"ד — אַז „משמצאה משליך את הצרורות מידו ונוטל את המרגליות"]: משא"כ די תשובה וועלכע טוט אויף נאָר מכאן ולהבא[77] — וואָס מצד דעם בלייבט אַ מקום אויף אַ קס"ד (לפני שעשה תשובה) באופן אחר [ובנדו"ד — „ישובי עשו ותולדותיו" אַלס ענין לעצמו בתורה].

ו. עפ"ז יומתק די שייכות פון דער פרשה מיט דער הפטורה — „חזון עובדי'":

---

71) ישעי' ס, כא.

72) עולם מלשון העלם והסתר (לקו"ת שלח לז, ד). ועפ"ז יומתק הלשון שזהו „כטעות העולם", כי מצד עולם מלשון העלם והסתר (וזהו דרגת אומות העולם) יש מקום לקס"ד במעלת התשובה על החטא, מפני המעלה שבזה.

73) הושע יד, ב.

74) ועי"ד ההפרש בין שבת וימי החול, דאף שיום אחד דשבת הוא „מעט" (בכמות) בערך ששת ימי החול, מ"מ דוקא משבת מיני' מתברכין כולהו יומין (זח"ב סג, ב. פח, א).

75) הל' מלכים פ"ח ה"י.

76) והטעם שצ"ל גם הקס"ד לעצמו (ועד"ז הקס"ד של טעות העולם במעלת התשובה על עבירות) — כי עי"ז נעשה הבירור של התחתון כפי שהוא במקומו, ולא רק כפי שהוא חלק משלימות עבודתו של ישראל. ועצ"ע.

77) ולהעיר שתשובה באופן כזה שייך דוקא לישראל ולא לאוה"ע.

78) ראה יומא פו, סע"א ובפרש"י שם ד"ה כאן מאהבה: „השב מאהבה נעקר עוונו מתחלתו".

די גמרא זאָגט[80] „מאי שנא עובדי' לאדום כו' עובדי' גר אדומי הי', והיינו דאמרי אינשי מיני' ובי' אבא ניזיל[81] בי' נרגא". וואָס דאָס איז דער תוכן ההפטורה, דער פרעון ובירור פון אדום, באופן אַז מ'איז מהפך אדום — תחתון שאין תחתון למטה ממנו, ביז אַז דורך דעם דוקא ווערט שלימות מלכותו יתי — „והיתה לה' המלוכה", „ותתגלי מלכותא דהוי' על כל יתבי עלמא", „לעלם ולעלמי עלמיא". וכמ"ש[82] „אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' לעבדו שכם אחד".

ועפ"ז יש לומר דעם טעם פאַרוואָס דוקא ספר עובדי' איז אויסגעטיילט פון אַלע ספרי תנ"ך, אַז ער באַשטייט נאָר פון איין קאַפּיטל — ווייל דורך בירור אדום (אתהפכא), באופן פון „מיני' ובי' אבא כו'", ווערט אויפגעטאָן די שלימות הגילוי פון אחדותו ומלכותו יתי, „והיתה לה' המלוכה", ה' אחד („לעבדו שכם אחד"), אַזוי אַז עס בלייבט ניט איבער קיין פרט בעולם (לעלם ולעלמי עלמיא) וואו ס'איז ניט מאיר אחדותו ומלכותו יתי.

ז. ע"פ הנ"ל וועט מען אויך פאַרשטיין דעם סדר והמשך הג' פרשיות בתורה — ויצא, וישלח, וישב — וועלכע גיבן אַרויס דעם סדר בעבודת יעקב אבינו:

בפ' ויצא רעדט זיך בעיקר וועגן עבודת יעקב בעצמו — אויפשטעלן ביתו, „מטתו שלימה", און זיין עבודה בחלקו בעולם (עניני רשות, ק"נ) בבירור צאן לבן. ביז גמר עבודתו בסיום הפרשה — „ויעקב הלך לדרכו ויפגעו בו מלאכי אלקים", „מלאכים של ארץ ישראל באו לקראתו ללוותו לארץ", „ויאמר יעקב כאשר ראם מחנה אלקים זה ויקרא שם המקום מחנים", „שתי מחנות, של חוצה לארץ שבאו עמו עד כאן, ושל ארץ ישראל שבאו לקראתו"[83], סיי די „מלאכי ארץ ישראל" וועלכע זיינען אים מסייע אין זיין עבודה בתומ"צ, בעניני קדושה, און סיי די „מלאכי חוץ לארץ" וועלכע זיינען אים מסייע אין זיין עבודה בדברי הרשות, בעניני חול (כל מעשיך יהיו לשם שמים ובכל דרכיך דעהו[84]). ביז אין אַן אופן אַז יעקב פועל'ט אין דעם מקום, און ווערט דאָרט בעה"ב, ער רופט אים אָן בשמו — „ויקרא שם המקום ההוא מחנים"[85].

דאָס אַליין איז אָבער ניט מספיק. שלימות עבודת יעקב (בכדי ער זאָל זיך קענען אומקערן אל בית אביו בשלימות) איז פאַרבונדן דערמיט אַז ער זאָל אויך אויפטאָן (נוסף צו עבודת עצמו ועבודת הרשות) דעם בירור פון עולם הזה התחתון שאין תחתון למטה ממנו, בירור עשו הוא אדום (— אויך חוץ פון דברי הרשות) — וועלכע איז אַ מקום הכי רחוק ברוחניות פון ארץ מגורי אביו[86] — דורך דעם וואָס „וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום".

79) ולהעיר שזהו דרגת התשובה של אוה"ע.

80) סנהדרין לט, ב. הובא בפרש"י ופי' הרד"ק עובדי' בתחלתה.

81) ויש גורסין: לשדי'. וכ"ה בתניא פל"א.

82) צפני' ג, ט. הובא ברמב"ם הל' מלכים ומלחמותיהם' ספי"א.

*) ולהעיר ע"ד הרמז, שאף שהרמב"ם כותב שם (ספי"ב) ש„לא יהי' שם לא מלחמה כו'" — מ"מ תהי' אז המעלה הבאה ע"י **מלחמה**, בירור התחתון. וגם מלחמה בפועל — מלחמה דקדושה במלחמתה של תורה (ראה גם שיחת מוצאי כ"ף טבת תשמ"ט), כמו שממשיך שם „ולא יהי' עסק כל העולם אלא לדעת את ה' בלבד".

83) ס"פ ויצא ובפרש"י.

84) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א.

85) ראה בכ"ז בארוכה — שיחת ש"פ ויצא (לעיל ע' 155 ואילך).

86) משא"כ חרן אשר שם שלחו יצחק ורבקה את יעקב „לקחת לו משם אשה" (ס"פ תולדות).

ויש לומר, אַז יעקב האָט דאָס געזען אין דעם גופא וואָס „ויפגעו בו מלאכי אלקים": בשעת יעקב האָט געזען („ראם") אַז „ויפגעו בו מלאכי אלקים" בפועל [ניט בלויז בחלום – ווי ס'איז געווען בהליכתו לחרן, בתחלת הפרשה], האָט ער געזען אַז דאָס איז בכדי ער זאָל נוצן די מלאכים אויף זיי שיקן צו מברר זיין עשו'ן[87].

ולהוסיף, אַז „ויפגעו" איז אויך פון לשון תפלה (ע"ד „ויפגע[88] במקום")[89] – די תפלה ובקשה של המלאכים ליעקב, ער זאָל זיי נוצן צו אויספירן שליחות שלהם בעולם – דורך „וישלח יעקב מלאכים", „מלאכים ממש"[90], די מלאכים וואָס „ויפגעו בו" (בס"פ ויצא).

ולאחרי גמר עבודת יעקב בבירור עשו (עכ"פ וויפל מען האָט דעמולט געקענט אויפטאָן[91]), ביז דער סיפור פון „ישובי עשו ותולדותיו" בסיום הפרשה – וואָס דאָס אַלץ איז אויך אַ נתינת כח צו בני יעקב צו ממשיך זיין בעבודה זו („מעשה אבות סימן לבנים") – קומט דער „וישב יעקב בארץ מגורי אביו", „ביקש יעקב לישב בשלוה"[92] (ניט נאָר אַ שלוה גופנית וגשמית, נאָר אַ) שלוה רוחנית, ביז מעין ובדומה צו עוה"ב (וואָס „אין בו אכילה ושתי' כו' אלא צדיקים יושבין כו' ונהנים מזיו השכינה"[93]) – די שלוה וואָס קומט נאָך גמר ושלימות העבודה בעוה"ז, „היום לעשותם"[94],

ווי ס'איז טאַקע געווען בפועל באַ יעקב במשך כמה שנים (ביז מכירת יוסף):

אָבער וויבאַלד אַז יעקב האָט דעמולט נאָך ניט אויפגעטאָן שלימות הבירור פון עשו (און דערפאַר האָט ער געזאָגט „עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", כנ"ל), דע־ריבער איז ער נאָך דעמולט ניט געקומען צו אויפנעמען אין עוה"ז די „שלוה" (און האָט זיך גערדאַרפט באַנוגענען מיט דעם וואָס דאָס וועט קומען אַלס שכר בעוה"ב); און דורך דעם וואָס „קפץ עליו רוגזו של יוסף"[92] איז יעקב נתעלה געוואָרן און האָט געקענט באַקומען די „שלוה" (בדומה צום גילוי פון עוה"ב) אויך בעוה"ז – ווי מ'געפינט, אַז נאָכדעם, זיינען זיינע לעצטע זיבעצן יאָר געווען אין אַן אופן פון „ויחי יעקב" – יאָרן פון שלוה אמיתית אויך בעוה"ז, ואדרבה – די יאָרן זיינען געווען מבחר שנותיו[95], וואָס דאָס באַ־ווייזט אויף דעם בירור פון דעם מקום הכי תחתון – אַז דוקא אין מצרים („ערות הארץ") איז געווען די שלוה (וואָס יעקב האָט געבעטן בארץ מגורי אביו), וכמשנ"ת במ"א[96].

דאָס איז אַלץ גערעדט בזמן יעקב (ווען עס האָט זיך ניט פאַרענדיקט דער בירור פון עשו בפועל). שלימות בירור

---

87) ראה משכיל לדוד ס"פ ויצא.

88) ויצא כח, יא. ובפרש"י: „ורבותינו פירשו (ברכות כו, ב. ב"ר פס"ח, ט) לשון תפלה כמו ואל תפגע בי (ירמי' ז, טז).

89) וראה זח"א קסה, א שמקשר „ויפגעו בו מלאכי אלקים" עם „ויפגע במקום", אלא ש„ויפגע במקום" (לפני עבודתו בחרן) הי' ע"י עבודתו ויגיעתו, משא"כ לאחרי עבודתו „ויפגעו בו גו'", המשכת אלקות שבאה כאילו מאליו (ראה לקו"ש ח"א ע' 789. חכ"ה ע' 157).

90) פרש"י עה"פ. – ועפ"ז מובן ההכרח של רש"י שהיו „מלאכים ממש", ולא שלוחי בו"ד (ראה משכיל לדוד שם).

91) ראה תו"א ותו"ח ריש פרשתנו. וראה לקו"ש חכ"ה ע' 363 ואילך.

92) פרש"י עה"פ.

93) ברכות יז, א. רמב"ם הל' תשובה פ"ח ה"ב.

94) ס"פ ואתחנן (ז, יא) ובפרש"י.

95) בעה"ט ר"פ ויחי. זח"א רטז, ב. וראה „היום יום" יח טבת. לקו"ש ח"י ע' 160 ואילך.

96) ראה בארוכה לקו"ש חט"ו ע' 310 ואילך. חלק ל' ע' 176. ועוד.

עשו הוא אדום ווערט אויפגעטאָן דורך מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות, ובפרט בגלות זה האחרון, גלות אדום (רומי), אין וועלכע אידן האָבן אויפגעטאָן און טוען אויף (בכחו של יעקב אבינו) בירור האומות, אַלס הכנה צו „והיתה לה׳ המלוכה" בימות המשיח, ווען עס וועט מקויים ווערן הבטחת יעקב „אבוא אל אדוני שעירה". ובמילא וועט דעמולט זיין די שלימות פון „שלוה" אויך בעוה"ז.

ח. דער ענין הנ"ל האָט אַ שייכות מיוחדת מיט דעם זמן איצט — חודש כסלו:

מ'האָט גערעדט מערערע מאָל[97] די שייכות פון פ׳ וישלח (בירור עשו) מיט י"ט כסלו, אַז דורך דער גאולה פון דעם אַלטן רבי'ן בי"ט כסלו — ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער עיקר ענין פון „יפוצו מעינותיך חוצה"[98] — האָט זיך אויפגעטאָן אַ בירור אין עולם התחתון שאין תחתון למטה ממנו, אַ שלב חדש ועיקרי אין דעם בירור פון מלכות אדום[99].

ווי דער אַלטער רבי שרייבט אין זיין אגרת הקודש הידועה (אַרויסגייענדיק פון תפיסה)[100]: „כי הפלה ה׳ והגדיל[101] לעשות בארץ והפליא והגדיל שמו הגדול והקדוש אשר נתגדל ונתקדש ברבים ובפרט בעיני כל השרים וכל העמים אשר בכל מדינות המלך אשר גם בעיניהם יפלא הדבר הפלא ופלא וענו ואמרו על זאת כי אם מאת הוי׳ היתה זאת נפלאת בעינינו"[102].

וכידוע אויך די שייכות פון דער גאולה מיט „פדה בשלום נפשי כי ברבים היו עמדי"[103], אַז אויך די „רבים" — די אויבים — האָבן סו"ס אַרויסגעהאָלפן אין דעם „פדה בשלום נפשי" (ע"ד ווי אנשי אבשלום האָבן מתפלל געווען לנצחונו של דוד[104]).

ט. לאחרי כל העילויים אין דער גאולה פון י"ט כסלו איז אָבער די ממשלה פון מדינה ההיא נאָך פונדעסטוועגן געבליבן בתקפה, און האָט אויך מנגד געווען צו כמה ענינים פון יהדות בכלל און חסידות במיוחד. ביז אַז דערנאָך איז דאָס אַרויס אין דעם מאסר פון דעם מיטעלן רבי'ן. און אויך לאחרי גאולתו ביו"ד כסלו — וואָס האָט צוגעגעבן אין דעם בירור פון אדום — איז די ממשלה געבליבן בתקפה, אויך אין איר התנגדות צו אידישקייט און חסידות. ווי ס'האָט זיך דערנאָך אויסגעוויזן אין די פאַרשידענע גזירות המלכות וכו׳ מיט וועלכע רבותינו נשיאינו — כל אחד בדורו — האָבן לוחם געווען.

ביז, אַז לאחרי דער מהפכה (בשנות תרע"ז־ח) בדורו פון כ"ק אדמו"ר (מהרש"ב) נ"ע, און דערנאָך בדורו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר — איז בכמה ענינים צוגעקומען אין דעם חושך ומיצר פון ממשלה

97) ראה לקו"ש חט"ו ע׳ 287 ואילך. חכ"ה ע׳ 186 ואילך. סה"ש ה׳תש"נ ע׳ 175 ואילך. ועוד.

98) ס׳ השיחות תורת שלום ס"ע 112 ואילך.

99) ראה שיחת י"ט כסלו תרס"ז (נעתקה בשיחת י"ט כסלו תשי"ד — ע׳ 50) השייכות די"ט כסלו עם המסופר בפרשתנו ע"ד „ואלה המלכים אשר מלכו וגו׳" (מלכי ארץ אדום), מלכים דעולם התהו — ש„י"ט כסלו איז אַ תיקון צו שבירת הכלים דתהו". והענין בזה מובן (עוד יותר) ע"פ המבואר בפנים. וראה גם לקו"ש חכ"ה ע׳ 362.

100) נדפסה באגרות קודש שלו סי׳ לח. ושי"נ.

101) ולהעיר מההדגשה כמ"פ באגרת זו על ענין של „הגדיל" (וראה לקו"ש חט"ו שם) — ע"ד הלשון „מגדיאל (זו רומי)" מלשון „הגדיל על כל א־ל", ועי"ז בירור מגדיאל (זו רומי) נעשה גדלות ורוממות דקדושה (כנ"ל ס"ד), „והגדיל שמו הגדול והקדוש אשר נתגדל ונתקדש ברבים".

102) ל׳ הכתוב — תהלים קיח, כג.

103) תהלים נה, יט.

104) ירושלמי סוטה פ"א ה"ח.

ההיא, ביז אַז בשנת תרפ"ז איז געווען דער מאסר כ"ק מו"ח אדמו"ר; און אויך לאחרי גאולתו — וואָס האָט אויפגעטאָן נאָך אַ טיפערן בירור אין אדום — האָט די ממשלה אים מכריח געווען[105] (כביכול) פון דאָרט אַרויספאָרן, ביז אַז ער איז אָנגעקומען, און איבערגעפלאַנצט דעם מרכז פון חב"ד אין חצי כדור התחתון, בארצות הברית.

אָבער לאחרי מעשינו ועבודתינו זינט דעמולט, כולל ובמיוחד אין יפוצו מעינותיך חוצה — דאַרף מען שוין זיכער באַקומען אַלע אוצרות בתכלית השלימות. וכידוע דער משל, אַז דורך מעשינו ועבודתינו פון אידן טוען זיי אויף אַלע המשכות ואוצרות, נאָר מ'גיט עס אָפּ דעם אידן כמונח בקופסא, און מ'גיט אים דעם שליסל, אַז ווען ער וויל קען ער דאָס אויפעפענען און אַרויסנעמען פון דאָרט אַלע אוצרות,

ובלשון הרמב"ם[106] — אַז דורך אַ מעשה אחד איז מען „מכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה",

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האָט מעיד געווען שוין יאָרן צוריק, אַז אידן האָבן שוין אַלץ פאַרענדיקט, ס'איז געבליבן נאָר „צוצופוצן די קנעפלעך"[107], און זינט דעמולט האָט מען דאָס שוין אויך געטאָן, און עס דאַרף נאָר זיין בלשון כ"ק מו"ח אדמו"ר „עמדו הכן כולכם", צו מקבל זיין די אוצרות.

— ויהי"ר אַז בשנה זו — שנת אראנו נפלאות — זאָל עס זיין אין דעם ענין פון „הפלה ה' והגדיל לעשות בארץ והפליא והגדיל שמו הגדול והקדוש אשר נתגדל ונתקדש ברבים ובפרט בעיני כל השרים וכל העמים אשר בכל מדינות המלך אשר גם בעיניהם יפלא הדבר הפלא ופלא וענו ואמרו על זאת כי אם מאת הוי' היתה זאת נפלאת בעינינו".

ובהתאם לזה איז פאַרשטאַנדיק אַז דאָס דאַרף אַרויסרופן בײַ אידן אַ שמחה הכי גדולה, ובעיקר — אַ הוספה ביתר שאת וביתר שאת אין לימוד התורה בכלל, ובפנימיות התורה, כפי שנתגלתה בתורת חסידות חב"ד, און ווי מ'לערנט דאָס צוזאַמען — אַלס אַ „תורה תמימה" — מיט נגלה דתורה[108].

ותלמוד גדול שמביא לידי מעשה — אַ הוספה אין קיום המצוות בהידור, הן בנוגע לעצמו, והן בנוגע להזולת, ועוד ועיקר — אין אַלע פעולות פון הפצת התורה והיהדות בכלל והפצת המעינות חוצה במיוחד,

ובפרט — אין דעם חודש כסלו, וועלכער איז אויסגעטיילט אין זיין פאַרבונדן מיט תורה און פנימיות התורה בפרט: גאולת י"ט כסלו, גאולת יו"ד כסלו, ט"ת כסלו (יום הולדת ויום הילולא פון דעם מיטעלן רבי'ן), און כל זה אָנהויבנדיק פון ר"ח כסלו (וועלכער איז כולל כל ימי החודש), און דערנאָך בשלימות מיוחדת — בי"ד וט"ו בחודש, ווען קיימא סיהרא בשלמותא, יחוד שימשא וסיהרא (פאַרבונדן מיט ענין הנישואין) — צו אויסנוצן די ימים זכאין אויף מוסיף זיין בכל האמור.

י. ועוד ועיקר:

בי"ט כסלו בכל שנה ושנה איז נהוג צו

105) בלשון מכתבו ט"ז מ"ח תרפ"ח (אג"ק שלו ח"א ע' תרטז): היציאה ממדינתנו היתה מוכרחת לי. ובמכתבו י"ט כסלו תרפ"ח (שם ח"ב ע' ה): מסבתם הוכרחתי בעל כרחי לעזוב את ארץ הוד כ"ק אבותינו רבותינו הק'.

106) הל' תשובה פ"ג ה"ז.

107) שיחת שמח"ת תרפ"ט.

108) ראה סה"מ תרנ"ט ע' רכז. ועוד.

מאַכן חסיד'ישע פאַרברענגען'ס בכל מקום ומקום האפשרי.

בהתאם להאמור לעיל, איז פאַרשטאַנדיק אַז בשנה זו דאַרף אין דעם זיין אַ השתדלות מיוחדת, אַז עס זאָל זיין אַן „אראנו נפלאות'דיקע" פאַרברענגען בי"ט כסלו (בערך אפילו צו דער הנהגה בזה באופן נסי בשנה (ושנים) שלפנ"ז) — סיי בכמות און סיי באיכות.

ובפרט אַז בשנה זו קומט אויס י"ט כסלו ביום החמישי בשבוע[109], גיט דאָס אַ לייכטערע מעגלעכקייט אַז מ'זאָל מאַכן (עכ"פ) דריי התוועדויות בג' ימים רצופים: בליל (ויום) חמישי — י"ט כסלו, בליל (ויום) ששי — כ' כסלו (כנהוג אַז דעמולט מאַכט מען דעם עיקר התוועדות פון י"ט כסלו), ובליל ויום שבת קודש — כ"א כסלו, אַזוי אַז מ'האָט אַ חזקה פון דריי ימים רצופים[110] פון חסיד'ישע פאַרברענגען'ס בקשר מיט י"ט כסלו, אַזוי אַז דאָס גיט אַריין אַ חזקה וחוזק אין אַלע ענינים פון אידישקייט און חסיד'ישקייט, אַז עס זאָל זיין אַ חסיד'ישער יאָר, נאָכמער ווי ס'איז געווען ביז איצטער.

ובכדי אַז דאָס זאָל זיין מיט נאָכמער הצלחה, איז כדאי אַז מ'זאָל אָנהויבן די הכנות לזה בעוד מועד (אָנהויבנדיק גלייך פון דעם מוצאי שבת, און דערנאָך ביום ראשון, שני, שלישי, רביעי), בכדי מ'זאָל קענען וואָס מערער מוסיף זיין אין די התוועדויות — בכמות ובאיכות,

ותשועה ברוב יועץ[111] — זיך אויך צוזאַמענרעדן מיט אַנדערע, וואָס דעמולט איז מען מער פאַרזיכערט אַז דאָס זאָל זיין אין אַן אופן פון „אראנו נפלאות", אראנו בגלוי לעיני בשר פון אַנדערע — ניט האָבנדיק דערביי אייגענע פניות וחשבונות.

ויהי רצון, אַז נאָך פאַר י"ט כסלו זאָל שוין קומען די גאולה האמיתית והשלימה, והקיצו ורננו שוכני עפר[112], ובתוכם ובראשם — דער אַלטער רבי, און אַלע רבותינו נשיאינו ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר,

און עס וועט נתגלה ווערן בגלוי שלימות הבירור פון כל העולם כולו — „והיתה לה' המלוכה".

---

109) שנאמרה בו ברכה לדגים (כתובות ה, א).

110) ולהעיר שקביעות הימים טובים בהתחלת שנה זו היתה באופן של ג' ימים רצופים — שלאחרי ב' יו"ט דר"ה נכנסו תיכף ליום השבת, ובאופן של ג' פעמים ג': בראש השנה, בימים ראשונים דחג הסוכות, ובימים אחרונים, שמע"צ ושמח"ת.

111) משלי יא, ד. כד, ו.

112) ישעי' כו, יט.

## משיחות ש"פ וישב, כ"א כסלו ה'תנש"א

א. יום השי"ק זה הוא יום השלישי לחג הגאולה י"ט כסלו, ראש השנה לתורת החסידות ודרכי'[1], שחל בשנה זו ביום החמישי בשבוע, "קמי'[2] שבתא"[3], והמשכו בכ"ף כסלו (כידוע[4] שהגאולה די"ט כסלו היתה לאחרי חצות היום ונמשכה בליל כ"ף כסלו) שחל ביום השישי, ערב שבת, וממנו נכנסים תיכף ליום השבת, שבו נעשה העלי' והשלימות ("ויכולו"[5]) ד(כל ימי השבוע, ועאכו"כ הימים ד)"קמי' שבתא" עד לערב שבת ממש, שלכן, גם ההתוועדויות דחג הגאולה נמשכים (ובתוספת עילוי ושלימות) ביום השבת[6], במשך ג' ימים רצופים[7] (שנחשבים בכמה ענינים למציאות אחת[8]), באופן של "חזקה" (כמדובר בהתוועדות שלפנ"ז[9]).

ובביאור הקשר והשייכות דחג הגאולה י"ט כסלו ליום השבת ופרשת וישב[10] (כידוע[11] ש"המועדים[12] של כל השנה . . יש שייכות לאותן הפרשיות שחלות בהן, כי הכל מיד ה' השכיל") — יש לומר:

יום השבת — "באת שבת באת מנוחה"[13], מנוחה מכל הענינים המבלבלים ("אין עצב בה"[14]), ועד למנוחה בשלימותה, המנוחה דלעתיד לבוא, "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[15]. ודוגמתו בי"ט כסלו — גאולה ממאסר (מנוחה מבלבולים), ועד להגאולה (מנוחה) האמיתית והשלימה בביאת משיח צדקנו ע"י גילוי תורת החסידות באופן ד"יפוצו מעינותיך חוצה"[16] בשלימות שהתחיל בעיקר בי"ט כסלו[17].

ופרשת וישב — "וישב יעקב", "לישב בשלוה"[18], מצב של מנוחה ושלוה אצל

---

1) ראה מכתב כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע — נעתק ב"היום יום" בתחלתו. ובכ"מ.

2) פסחים קו, סע"א.

3) החל מיום רביעי — ערב י"ט כסלו.

4) ראה סה"ש תשמ"ח ח"א ע' 155. ושנ"ג.

5) בראשית ב, א. וראה אוה"ת עה"פ.

6) נוסף לכך שמצד עצמו הוא יום שמחה — "ביום שמחתכם אלו השבתות" (ספרי בהעלותך י"ד, י"ד), ובאופן של התוועדות דכו"כ מישראל, להקהיל קהילות (ראה ילק"ש ר"פ ויקהל).

7) כמו ראש השנה* — שחל בשנה זו ביום חמישי וששי, ומיד לאחריו בא יום השבת, ג' ימים רצופים דר"ה ושבת (ראה בארוכה מכתבים כלליים דתחילת השנה), ודוגמתו בי"ט כסלו, ראש השנה לחסידות.

8) להעיר שכל שלשה כלבוד דמי — כפי שמצינו גם בדיני שבת (ראה שיעור היומי ברמב"ם — הל' שבת פט"ז ה"ח. הי"ז. פי"ז הי"ז. ועוד).

9) שיחות ש"פ וישלח (לעיל ע' 178).

*) ובחוץ לארץ — גם חג הסוכות ושמע"צ ושמח"ת (הגילוי והקליטה בפנימיות דעניני ר"ה), ג' ימים רצופים דשבת ויו"ט ג' פעמים.

10) להעיר שברוב השנים חל י"ט כסלו בשבוע דפ' וישב, כבפעם הראשונה (כשנת תקנ"ט) — ביום ג' פ' וישב.

11) של"ה חלק תושב"כ ריש פרשתנו (רצז, א).

12) כולל י"ט כסלו — ש"יוקבע למועד תמידי" (לקו"ד ח"א יט, ב), ועד שנקרא "חג החגים" (אג"ק אדמו"ר מוהריי"צ ח"ז ע' ל. ועוד).

13) פרש"י בראשית ב, ב. פרש"י מגילה ט, א (ד"ה ויכל). וראה ב"ר פ"י, ט.

14) ירושלמי ברכות פ"ב סה"ז. הובא בתוד"ה מ"ד — מו"ק כג, ב.

15) תמיד בסופה.

16) כהבטחת מלך המשיח להבעש"ט במענה על שאלתו אימת אתי מר — שיבוא כשיפוצו מעינותיך (דהבעש"ט) חוצה (אגה"ק דהבעש"ט — נדפסה בכש"ט בתחילתו. ובכ"מ).

17) שיחת י"ט כסלו תרס"ח (סה"ש תו"ש ס"ע 112 ואילך).

18) ר"פ וישב ובפרש"י (שם לז, ב).

יעקב (לאחרי רוגז לבן, רוגז עשו ורוגז דינה), השלישי שבאבות[19]. ודוגמתו בי"ט כסלו — מצב של מנוחה ושלוה אצל רבינו הזקן (גאולה מהמאסר), השלישי שבאבות החסידות (בהמשך להבעש"ט והמגיד).

ובפרטיות יותר:

„(וישב) יעקב" — ענינו תורה, כמ"ש[20] „ויקם עדות ביעקב ותורה שם בישראל", „יושב אהלים", „אהלו של שם ואהלו של עבר"[21], נגלה דתורה ופנימיות התורה[22]. ודוגמתו אצל רבינו הזקן — ששמו (הראשון) „שניאור", „שני אור", ע"ש שהאיר את העולם בשני האורות דנגלה דתורה ופנימיות התורה[23].

„וישב גו' בארץ מגורי אביו" — שעל ידו באה תורת החסידות דהאבות שלפניו (הבעש"ט והמגיד) באופן של התיישבות („וישב") בשכל והשגה וידיעה בחכמה בינה ודעת (בתורת חסידות חב"ד), ועד לאופן ד„יפוצו מעינותיך חוצה"[24].

ועי"ז זוכים ל„וישב יעקב" בתכלית השלימות — הישיבה בשלוה דכל בני"י (יעקב[25]) בגאולה השלישית (גאולה נצחית שאין אחרי' גלות), כנגד יעקב (השלישי שבאבות)[26], „נחלה בלי מצרים . . נחלת[27] יעקב אביך . . כיעקב שכתוב בו[28] ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[29], ובלשון הכתוב בהמשך פרשת וישב[30]: „פרצת עליך פרץ ויקרא שמו פרץ", „פרץ זה משיח, שנאמר[31] עלה הפורץ לפניהם"[32], שנעשה בפועל ע"י העבודה דהפצת המעיינות חוצה (שהתחיל ע"י השלישי שבאבות החסידות) בכל קצוי תבל, בארבע רוחות העולם, „ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה".

ועי' הצירוף דיום השבת ופרשת וישב יחדיו — מזדרזת ובהדגשה עוד יותר השלימות ד„וישב יעקב" (כל בנ"י) ב„יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[33]. ובהדגשה יתירה מתאים לקביעות שנה זו שיום השבת פרשת וישב הוא יום השלישי[*][34] להגאולה די"ט כסלו[35] (ביום

19) ויומתק יותר בהמשך הכתוב „וישב יעקב בארץ מגורי אביו" — שבזה מודגש ההמשך להאבות שלפניו, שלישי דאבות.

20) תהלים עח, ה.

21) תולדות כה, כז ובפרש"י (מב"ר פס"ג, יו"ד).

22) אוה"ת עה"פ (קמה, ריש ע"ב).

23) ראה לקו"ש ח"י ע' 37 ואילך. ושי"נ.

24) מתחיל מההמשכה והגילוי במוחין (חב"ד) שהם בבחינת „חוצה" לגבי החפץ ורצון והאמונה שלמעלה מהשכל (ראה לקו"ש ח"כ ע' 181 הערה 14).

25) כמ"ש בעל הגאולה באגה"ק (סי"ז) ש„נשמתו (של יעקב) . . כלולה מכל הנשמות שבישראל מעולם ועד עולם".

26) ראה פסחים פח, א ובחדא"ג מהרש"א שם. לקו"ת מטות פג, ג. לקו"ש חט"ו ע' 231. ושי"נ.

27) ישעי' נח, יד.

28) ויצא כח, יד.

29) שבת קיח, סע"א ואילך.

30) לח, כט.

31) מיכה ב, יג.

32) אגדת בראשית ספס"ג. וראה גם ב"ר ספפ"ה (ובפרש"י): „זה רבה על כל הפריצים ממך יעמוד (משיח שנאמר בו) עלה הפורץ לפניהם".

33) להעיר, שהענין ד„נחלה בלי מצרים כו' נחלת יעקב אביך" שייך במיוחד ליום השבת — „כל המענג את השבת נותנין לו נחלה בלי מצרים כו'" (שבת שם), וביום השבת עצמו — בזמן דסעודה שלישית, לאחרי חצות היום, זמן המנחה* (ראה זח"ב פח, ב), שבזמן זה מתקיימת ההתוועדות השלישית די"ט כסלו.

34) שבזה מודגשת גם המעלה דשלישי שבאבות, יעקב, וכן שלישי שבאבות החסידות, רבינו הזקן.

35) ראה לקוטי לוי"צ אג"ק ע' ריט: „גאולת הי'

*) שאז המנוחה דשבת („לישב בשלוה") היא בשלימות — כמ"ש בתפלת מנחה: „מנוחה שלימה שאתה רוצה בה . . כי מאתך היא מנוחתם".

כ"א[34] כסלו) — כיון שיום השלישי קשור עם הגאולה האמיתית והשלימה, כמ"ש[37] "יחיינו מיומיים ביום השלישי יקימנו ונחי' לפניו", שקאי על הגאולה השלישית ובי־המ"ק השלישי, גאולה נצחית וביהמ"ק נצחי[38].

ב. ולתוספת ביאור בתוכנה של פרשת וישב, ובפרט בקשר ובשייכות להגאולה די"ט כסלו:

בהפירוש ד"וישב יעקב" מביא רש"י "ועוד נדרש בו, וישב, ביקש יעקב לישב בשלוה, קפץ עליו רוגזו של יוסף וכו'", שמזה משמע (לכאורה) ש"וישב יעקב" היא בקשתו של יעקב ("ביקש יעקב לישב ב־שלוה"), אבל בפועל לא נתקיימה בקשתו "לישב בשלוה", כיון ש"קפץ עליו רוגזו של יוסף", כמסופר בארוכה בהמשך ה־פרשה.

וצריך להבין:

א) הטעם דקריאת שם הפרשה (שמורה על התוכן דכל הפרשה[39]) — "וישב" ("וי־שב יעקב"[40]), שפירושו "לישב בשלוה" — אע"פ שהמצב דישיבה בשלוה הוא (לכאו־רה) רק בפסוק הראשון שבפרשה, "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען"[41], ומהפסוק השני ("אלה תולדות יעקב יוסף בן שבע עשרה שנה וגו'") עד לסיום ה־פרשה מסופר אודות פרטי הענינים ה־שייכים ל"רוגזו של יוסף", היפך המצב ד"וישב יעקב", "לישב בשלוה"?

ב) השייכות דפרשת וישב[42] להגאולה י"ט כסלו (שהיא הכנה להגאולה האמיתית והשלימה) — אע"פ שכבר בפסוק השני מדובר אודות "סבה ראשונה . . (ש)ע"י זה נתגלגלו וירדו למצרים"[43] (כמבואר בפר־טיות בהמשך הפרשה, ובפרשיות של־אח"ז), היפך המצב דגאולה?

ג. ויובן בהקדם תמיהה נוספת בהמ־שך הפרשה:

לאחרי ההקדמה ד"וישב יעקב", ממ־שיך הכתוב "אלה תולדות יעקב יוסף", ו־מפרש רש"י "תלה הכתוב תולדות יעקב ביוסף מפני . . שכל עצמו של יעקב לא עבד אצל לבן אלא ברחל", ועל זה סובב והולך המשך הפרשה בסיפור פרטי המ־אורעות דיוסף, עיקר הענין ד"תולדות יעקב (הוא) — יוסף".

ועפ"ז דרוש ביאור והסבר בהקשר וה־שייכות דסיפור תולדותיו של יהודה ב־

---

בי"ט כסלו, שכסלו הוא החודש הג' כשמנינן מתשרי, וי"ט בו הוא שני שלישי החודש, היינו, ב' שלישי ת"ת . . ספירה הג' כשמנינן מחסד. היום השלישי, וכן בשנה ההיא הי' י"ט כסלו ביום השלישי".

36) וסימנו "אך טוב לישראל" (תהלים עג, א). – ולהעיר מהשייכות לקביעותו בשבת פרשת וישב – "וישב יעקב (ישראל) גו' אלה תולדות יעקב יוסף בן שבע עשרה (טוב) שנה".

37) הושע ו, ב.

38) ראה מצו"ד עה"פ.

39) כפי שמבאר בעל הגאולה ש"שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש" מהוה ומחי' ומורה על תוכנו של הדבר הנקרא בשם זה (שעהיוה"א ב־תחלתו).

40) כ"ה בסדר תפלות כל השנה (בסוף ספר אהבה) שברמב"ם. וראה לקו"ש חלק ל ע' 176. ושי"נ.

41) ובמשך שנותיו של יעקב – שישב בשלוה מאז שחזר מבית לבן לארץ מגורי אביו עד שיוסף הי' בן י"ז שנה, במשך תשע שנים (ע"פ החשבון שבפרש"י (ורש"י ישן) ס"פ תולדות. ויצא ל, כה. וישלח לג, יז. פרשתנו לז, לד).

42) לא רק שם הפרשה ("וישב יעקב"), אלא התוכן דכל הפרשה – כמודגש ביום השבת (ש־בסמיכות לי"ט כסלו) שבו קורין כל הפרשה כולה מתחילתה עד סופה.

43) פרש"י עה"פ. וראה גם פרש"י סוטה יא, רע"א (בנוגע להשליחות דיוסף לשכם שאודותה מסופר בהמשך הפרשה (פסוק יג)): "תחילת סיבת ירידת ישראל למצרים".

המשך הפרשה[44] ל„אלה תולדות יעקב יוסף" — ש„הפסיק בפרשתו של יוסף"[45] בסיפור תולדותיו של יהודה, ואח"כ „חוזר לענין ראשון"[46], ל„פרשתו של יוסף"?

ולהעיר, שבהתחלת הענין מפרש רש"י[45] „למה נסמכה פרשה זו לכאן והפסיק בפרשתו של יוסף, ללמד שהורידוהו אחיו מגדולתו כשראו בצרת אביהם, אמרו אתה אמרת למכרו, אילו אמרת להשיבו היינו שומעים לך"[47], אבל, הסבר זה הוא (בעיקר) על מ"ש בהתחלת הענין „ויהי בעת ההיא וירד יהודה מאת אחיו", שבגלל מכירת יוסף „הורידוהו אחיו מגדולתו", ולא (כ"כ) על המשך המאורעות שלאח"ז עד ללידת פרץ וזרח, שאינו שייך (לכאורה) ל„פרשתו של יוסף", „אלה תולדות יעקב יוסף"[48].

ויש לומר, שבסיפור תולדותיו של יהודה באמצע פרשתו של יוסף מרומז התוכן (תכלית הכוונה) דפרשתו של יוסף — „אלה תולדות יעקב יוסף בן שבע עשרה שנה גו'", „סיבה ראשונה . . (ש)ע"י זה נתגלגלו וירדו למצרים" — שלאמיתתו של דבר הר"ע טוב, בהתאם לכללות הענין ד„וישב יעקב", „לישב בשלוה", כדלקמן.

ד. וביאור הענין:

איתא במדרש[49] „ויהי בעת ההיא, רבי שמואל בר נחמן פתח כי[50] אנכי ידעתי את המחשבות, שבטים היו עסוקין במכירתו של יוסף . . ויהודה הי' עסוק ליקח לו אשה, והקב"ה הי' (עוסק ו)בורא[51] אורו של מלך המשיח (שעתיד לצאת מתמר[52]), ויהי בעת ההיא וירד יהודה, בטרם תחיל ילדה, קודם שלא נולד משעבד הראשון (פרעה ששעבד בישראל[52]) נולד גואל האחרון (פרץ שהוליד מלך המשיח[52]), ויהי בעת ההיא, מה כתיב למעלה מן הענין והמדנים מכרו אותו אל מצרים".

ועפ"ז מובן הקשר והשייכות דתולדותיו של יהודה ל„פרשתו של יוסף" — בבחינת הקדמת רפואה למכה[53], שעוד לפני הירידה דגלות מצרים (פרשתו של יוסף) ישנו כבר „אורו של מלך המשיח"[54], שמרומז ב(סיפור ד)לידת פרץ, „פרץ זה משיח, שנאמר עלה הפורץ לפניהם"[32].

ה. ובעומק יותר יש לומר, שהסיפור דלידת פרץ הוא (לא רק הקדמת רפואה לפרשתו של יוסף, אלא גם) חלק מ„פרשתו של יוסף", שבזה מרומז התוכן האמיתי ד„פרשתו של יוסף":

---

44) קאפיטל לח.

45) פרש"י לח, א.

46) פרש"י לט, א.

47) ועד"ז מפרש בהתחלת הענין שלאחריו: „ויוסף הורד, חוזר לענין ראשון, אלא שהפסיק בו כדי לסמוך ירידתו של יהודה למכירתו של יוסף, לומר לך שבשבילו הורידוהו מגדולתו" (לט, א).

48) וגם הטעם השני שמפרש רש"י בהתחלת הענין שלאחריו („ויוסף הורד"), „ועוד כדי לסמוך מעשה אשתו של פוטיפר למעשה תמר, לומר לך, מה זו (תמר) לשם שמים אף זו (אשתו של פוטיפר) לשם שמים, שראתה באצטרולוגין שלה שעתידה להעמיד בנים ממנו, ואינה יודעת אם ממנה אם מבתה" — הרי, הענין דזכות שבדבר („לשם שמים") אינו אלא ביחס לאשתו של פוטיפר, משא"כ ביחס ליוסף עצמו (ובפרט ביחס ל„אלה תולדות יעקב* יוסף") הו"ז בשלילה.

---

*) להעיר מפרש"י לט, יא: „שנראית לו דמות דיוקנו של **אביו** וכו'".

---

49) ב"ר פרשתנו רפפ"ה.

50) ירמי' כט, יא.

51) ראה שינויי הגירסאות בב"ר הוצאת תיאודור־אלבק.

52) פרש"י שם.

53) פי' יפה תואר שם.

54) ראה גם תנחומא (באבער) פרשתנו יא: „עד שלא ירד יוסף ירד יהודה להתקין גואל אחרון זה מלך המשיח".

„יוסף" — מלשון הוספה — מורה על הוספה (שלא ע"ד הרגיל) בעניני קדושה בעילוי אחר עילוי עד אין־סוף, וגם (ועיקר) הוספה ע"י שהענינים הבלתי־רצויים מתהפכים לקדושה, כמודגש בה־טעם דקריאת שם יוסף, ע"ש „יוסף ה' לי בן אחר"[55], שמהפכים „אחר" ל„בן"[56].

ונקודת הענין — ש„יוסף" (הוספה) ב־שלימותו מורה על מעמד ומצב שלמעלה ממדידה והגבלה, ע"י פריצת כל הגדרים [ובשתי הקצוות: מלמטה מטה — שמהפ־כים „אחר" ל„בן", ועד למעלה מעלה — שגם כשנמצאים בדרגא נעלית מוסיפים ובאופן דפריצה עוד יותר[57]], שזהו ענינו של „פרץ" — „פרצת עליך פרץ"[58].

ו. ויש להוסיף בביאור פרטי הענינים דלידת פרץ — „ויהי[59] בלדתה ויתן יד ות־קח המילדת ותקשור על ידו שני לאמר זה יצא ראשונה ויהי כמשיב ידו והנה יצא אחיו ותאמר מה פרצת עליך פרץ ויקרא שמו פרץ ואחר יצא אחיו אשר על ידו השני ויקרא שמו זרח" — בעבודת ה־אדם[59]:

גם לפני הענין ד„פרץ" ישנה כבר מצי־אות חשובה ביותר — „ויתן יד . . זה יצא ראשונה", אשר, באמצעות ה„יד" נוטל האדם כל הדברים הדרושים לו (ועד שגם כאשר הדברים הדרושים לו נמצאים בר־שות אחרת, פושט את ידו ונוטלם לר־שותו[60]): ולאחרי שישנה מציאות חשובה ד„יד" נעשה חידוש: אופן של פריצה — ש־פורצים[61] המדידות וההגבלות דהמציאות שלפנ"ז ומתעלים לדרגא נעלית יותר, ועד לעילוי שבאין־ערוך.

ובזה גופא — „פרצת עליך פרץ": (א) „פרצת גו' פרץ" — פריצה ע"ג פריצה, היינו, שגם לאחרי הפריצה הראשונה, הו־לך ופורץ עוד יותר, בעילוי אחר עילוי. (ב) „פרצת עליך פרץ" (ולא „פרצת עליו פרץ" וכיו"ב) — שהפריצה היא (לא רק ביחס לדבר שמנגד למציאותו, מציאות דקדושה, אלא גם) ביחס למציאותו, שפו־רץ (גם) גדרי מציאותו ומתעלה לדרגא שלמעלה ממציאותו („עליך").

ויתירה מזה: ענין הפריצה (פריצת כל הגדרים דמדידה והגבלה) נעשה המציאות שלו — „ויקרא שמו פרץ"[62].

ועוד וגו"ז עיקר — „ואחר יצא אחיו אשר על ידו השני ויקרא שמו זרח", „ע"ש זריחת מראית השני"[63] בכל סביבתו — ש־

55) ויצא ל, כד.

56) ראה אוה"ת עה"פ.

57) ויתירה מזה — שדרגא נעלית זו היא ב־בחינת „אחר" לגבי הדרגא שלמעלה ממנה, היינו, שגם ההוספה בקדושה היא באין־ערוך, ע"ד וב־דוגמת האין־ערוך ד„בך" ל„אחר".

58) לט, כח ואילך.

59) דאף שבפשטות הכתובים מדובר אודות שני בני־אדם, הרי, בעבודת האדם אפשר (וצריך) להיות ב' הענינים דפרץ וזרח באדם אחד (כמו ביחס ליהודה — שתולדותיו פרץ וזרח).

60) להעיר משיעור הרמב"ם דערב ש"ק (הל' שבת רפי"ג) — „ידו של אדם חשובה לו כארבעה על ארבעה . . הי' עומד באחת משתי רשויות אלו ופשט ידו וכו'".

61) להעיר שבשיעור היומי ברמב"ם מדובר אודות פריצת מחיצות (ראה לדוגמא: הל' שבת פט"ז ה"ה. ה"ז. ועוד).

62) ועד"ז י"ל בפירוש „בכל מאדך", „מאד שלך" [שנוסף על הפירוש לגריעותא, שאין זה „מאד" לאמיתתו, כי אם „מאד שלך" בלבד, כיון שלגבי דרגא נעלית יותר הו"ז מדידה והגבלה (ראה תו"א מקץ לט, רע"ד. ובכ"מ), אולי יש לפרש גם למעליותא] — שה„מאד", למעלה ממדידה והגבלה, שקשור גם עם „מאד" האמיתי, נעשה „שלך", שזוהי מציאותו של האדם*.

63) פרש"י עה"פ.

*) ומרומז בתיבת „מאד" — אותיות „אדם" (ראה ב"ר פ"ח, ה ובפרש"י), שהענין שלמעלה מהגבלה („מאד") נעשה מציאותו של ה„אדם".

הענין ד„פרצת עליך פרץ" הוא באופן של זריזה וגילוי לעין כל.

וכל זה חלק ב„פרשתו של יוסף", כאמור, שענין ההוספה לאמיתתו הוא ב־אופן של פריצת גדר („פרץ"), ובזה גופא ככל פרטי הענינים דלידת פרץ: „ויתן יד", „פרצת עליך פרץ", וזריחת מראית השני, כנ"ל.

ז. עפ"ז יש לבאר השייכות דסיפור לידת פרץ למכירתו של יוסף למצרים (שעל זה מדובר ב„פרשתו של יוסף") — שהפסיק במכירתו של יוסף בסיפור לידת פרץ:

הוספה אמיתית („יוסף") באופן של פריצת גדר („פרץ") — מודגשת (בעיקר) כשנמצאים למטה, בארץ מצרים [לא רק מצרים דקדושה, מלשון מיצר וגבול, אלא גם מצרים כפשוטו, „ערות הארץ"[64], תח־תון שאין תחתון למטה ממנו], ואעפ"כ, נעשית העבודה בשלימות, ועד להוספה אמיתית, באופן של פריצת כל הגדרים, כולל גם שנעשה הבירור וההעלאה ד־מצרים.

וענין זה מרומז בסיפור לידת פרץ בסמיכות לירידת יוסף למצרים:

מבואר בכ"מ[65] מעלת עבודתו של יוסף לגבי עבודת השבטים ו(אפילו) האבות — שהאבות והשבטים היו רועי צאן, בהת־בודדות מהעולם, כדי שעניני העולם לא יטרידו אותם מדביקותם באלקות, משא"כ יוסף, שגם בירידתו למצרים [הן „בבית אדוניו המצרי"[66], ובאופן ש„ויפקידהו על ביתו וכל (אשר) יש לו נתן בידו"[67], הן בהיותו „בבית הסוהר"[68], ובאופן ש„ויתן שר בית הסוהר ביד יוסף את כל האסירים גו' כל אשר עושים שם הוא הי' עושה"[69], והן לאחרי שנעשה משנה למלך, „נתתי אותך על כל ארץ מצרים"[70], „השליט על הארץ . . המשביר לכל עם הארץ"[71]], הי' בתכלית הדביקות לאלקות, „מרכבה ל־אלקות ממש", ולא עוד אלא שפעל אצל ובהמצריים ענין המילה[72] כיון שנעשו „קנין כספר"[73].

ויש לומר, שהנתינת־כח לעבודתו של יוסף במצרים מרומזת בסיפור לידת פרץ, „פרצת עליך פרץ", פריצת כל הגדרים, שלכן, „בעת ההיא" ש„שבטים היו עסוקים במכירתו של יוסף . . יהודה[74] הי' עוסק ליקח לו אשה", שהכוונה בזה היא כדי שתהי' לידת פרץ, „פרצת עליך פרץ", שעי"ז תהי' עבודתו של יוסף בירידתו למצרים בשלימות, הוספה אמיתית, שהיא באופן של פריצת כל הגדרים[75].

---

64) מקץ מב, ט. שם, יב. וראה קה"ר פ"א, ד (בסופו).

65) ראה לקו"ש חכ"ה ס"ע 196 ואילך. וש"נ.

66) לט, ב.

67) שם, ד (ובפרש"י).

68) שם, כ.

69) שם, כב.

70) מקץ מא, מא.

71) שם מב, ו.

72) ב"ר פצ"א, ה. תנחומא מקץ ו. פרש"י מקץ מא, נה.

73) ראה לקו"ש ח"י ע' 139.

74) שהוא אמר למכרו — „ויאמר יהודה גו' לכו ונמכרנו גו'" (לז, כו־כז), „אתה אמרת למכרו אילו אמרת להשיבו היינו שומעים לך" — ובגללו נמכר למצרים.

75) וכיון שעיקר הענין דפריצת גדר מודגש במצב של ירידה למטה (כנ"ל בפנים), לכן, בשביל לידת פרץ הוצרך להיות אצל יהודה ענין של ירידה למטה* — „וירד יהודה מאת אחיו ויט גו'". — ועפ"ז

---

*) ראה התחלת הענין במדרש שם: „בגדה יהודה . . נעשה חולין כו'". ובאגדת בראשית שם: „וירד יהודה וגו' וירא שם יהודה בת איש כנעני ויקחה, כיון שנטלה, אמר הקב"ה, המשיח עתיד לעמוד מיהודה והלך ונטל אשה כנענית, אלא מה אני עושה מביא עלילות . . חמות כנענית . . וימותו

תורה אַ חיוב תמידי בכל זמן (ביום ובלילה) ובכל מקום[37].

דער אונטערשייד צווישן תורה ומצוות (אַז מצוות זיינען פאַרבונדן מיט עולם) איז נאָר מצד גדרי העולם, אָדער בסגנון אחר: ווי די מצוות זיינען אַ ציווי צו דעם מענטשן ווי ער זאָל זיך אויפפירן בעולם, וואָס דעמולט מוז אין דעם זיין ניכר ונרגש מציאות האדם והעולם — די שינויי הזמן והמקום וכו'; משא"כ ווי די מצוות זיינען אין תורה (ציווי המצוות בתורה) — זיינען זיי תורה, און דאָרטן זיינען ניטאָ די מדידות והגבלות און חילוקים ושינויים פון זמן ומקום וכו', און אויך בזמן הזה (ווען מ'איז ניט מקיים די מצוות התלויות בזמן הבית) דאַרף מען לערנען די הלכות שבזה אין תורה, וכל העוסק בתורת כו' כאילו הקריב כו'[38], ווייל ווי די מצוות והלכות שטייען אין תורה זיינען זיי למעלה מזמן ומקום.

ובמכ"ש דערפון ווי דאָס איז בנוגע צו די עניני העולם ממש, און אפילו ענינים וואָס אין עולם זיינען זיי היפך הקדושה — אַז ווי די ענינים שטייען אין תורה, זיינען זיי קדוש בקדושת התורה, כמדובר במ"א[39] בענין „יעקב ועשו האמורים בפרשה"[40], אַז דער חילוק צווישן יעקב ועשו (קדושה ולעו"ז) איז במציאותם בעולם, אָבער ווי יעקב ועשו זיינען „אמורים בפרשה" — זיינען זיי ביידע קדושה. וע"ד ווי דער רמב"ם איז מבאר[41] בנוגע צו תורה, „שהיא כולה מפי הגבורה כו', ואין הפרש בין ובני חם כוש ומצרים[42] ושם אשתו מהיטבאל[43] ותמנע היתה פלגש[44] ובין אנכי ה' אלקיך[45] ושמע ישראל[46], כי הכל מפי הגבורה והכל תורת ה' תמימה טהורה וקדושה אמת כו'".

ועאכו"כ במצוות התורה: דער חילוק צווישן מצוות בנוגע לזמן ומקום קיומם איז נאָר מצד ווי די מצוות ווערן נמשך אין גדרי העולם, ועד"ז דער חילוק באופן פעולת המצוות צווישן מצות עשה און מצוות לא תעשה, אַז אַ מצות עשה איז מען מקיים דורך אַ פעולה חיובית, און אַ מצות לא תעשה דורך העדר ושלילת הפעולה (שלילת דברים האסורים בעולם) — איז נאָר אין דער פעולת המצות לפי גדרי העולם; אָבער ווי די מצוות שטייען (און ווי מ'לערנט זיי) אין תורה זיינען זיי ביידע אַן ענין חיובי.

ויש לומר אַז דערפון (ווי די מצוות שטייען אין תורה) ווערט אויך נמשך אין די מצוות עצמן (ווי זיי שטייען במקומם), באופן פעולתם בעולם: הגם ס'איז דאָ אַ חילוק עיקרי צווישן דעם אופן פון קיום מצוות עשה (דורך אַ פעולה חיובית, אַז מציאות האדם והעולם זאָל זיין כהוראות התורה, ביז זיי ווערן אַ מציאות דקדושה), און קיום מצוות ל"ת (דורך העדר ושלילת הפעולה, שלילת הענינים שהם בניגוד להוראות התורה)[47], איז דאָ די נקודה משותפת וחיובית אין אַלע מצוות — נוסף לזה

---

(37) ראה לקו"ת במדבר יג, א־ב.

(38) מנחות בסופה.

(39) לקו"ש ח"כ ע' 342. וראה שם ע' 114. חט"ו ע' 198. ע' 341 ואילך. חלק ל' ע' 5־144. ס' השיחות תשמ"ח ח"א ס"ע 36 ואילך.

(40) לשון רש"י ר"פ תולדות.

(41) פיה"מ סנהדרין פ' חלק יסוד השמיני. וראה סנהדרין צט, ב.

(42) נח י, ו.

(43) וישלח לו, לט.

(44) שם, יב.

(45) יתרו כ, ב. ואתחנן ה, ו.

(46) שם ו, ד.

(47) ראה גם הדרן על הרמב"ם תשל"ה סעיף ה. הדרן על הרמב"ם (משיחת ש"פ וארא) תשמ"ח סעיף יב (ס' השיחות תשמ"ח ח"א ע' 217 ואילך).

וואָס מצוה מלשון צוותא וחיבור[48], אַז דורך זיי ווערט דער צוותא וחיבור פון אַ אידן מיט דעם אויבערשטן, איז נאָכמער: אין אַלע מצוות (אויך מצוות לא תעשה) איז דאָ אַ תוכן וענין חיובי [ובלשון חז"ל[49] – "על הן הן ועל לאו הן", ד.ה. אַז אויך מצוות ל"ת זיינען אַן ענין חיובי] – אַז אויך די מצוה לא תעשה האָט אין זיך אַן ענין חיובי, דער טוב וקדושה וואָס קומט אַרויס דורך מקיים זיין לא תעשה[50]*.

און דאָס ווערט נמשך אין די מצוות דורך דעם וואָס זיי זיינען מצוות התורה [וואָס דערפאַר זיינען די מצוות געגעבן געוואָרן אַלס אַ חלק פון תורה], וואָס איז מגלה אין אַלע מצוות ווי זיי זיינען אַן ענין חיובי.

ביז אַז דאָס דריקט זיך אַזוי אויס אויך אין דער מציאות פון אַ אידן בעולם, אַז זיין מציאות פון רמ"ח אברים ושס"ה גידים (וואָס די גידים זיינען אַ מציאות אַזוי ווי די אברים) זיינען כנגד די רמ"ח מצוות עשה און שס"ה מצוות לא תעשה[51], ווייל (אויך) דורך לא תעשה ווערט אויפגעטאָן דער ענין חיובי פון צוותא וחיבור מיט דעם אויבערשטן וועלכער מאַכט אויף (די שלימות פון) זיינע שס"ה גידים[52].

ה. ע"פ הנ"ל איז נאָכמער פאַרשטאַנדיק דער אויפטו פון גילוי שם הוי' באַ מתן תורה:

די כוונה פון מתן תורה איז, אַז די המשכה פון תורה – אלקות שלמעלה מכל גדר הבריאה (– שם הוי') – זאָל ניט בלייבן למעלה מגדר העולם, נאָר דאָס גופא זאָל נמשך ווערן אין מציאות וגדר העולם (כנ"ל). וואָס דאָס ווערט אויפגעטאָן דורך די מצוות התורה, וועלכע זיינען פאַרבונדן (מצד גדרי העולם) מיט דער מדידה והגבלה פון וועלט, אַז אויך ווי מצוות שטייען אין אַ ציור והגבלה (מצד גדרי העולם), זאָל זיך אָנהערן (אַז דאָס איז ניט אַן ענין בפ"ע פון תורה, נאָר) דער ענין הבלי גבול פון מצוות התורה, ביז אויך אין עולם (גבול) ממש – ווי "עשו" שטייט בציורו הוא בעולם אַלס עשו וכיו"ב – זאָל זיך אָנהערן ווי ער שטייט "בפרשה", צו אויספירן דעם רצון ה' (שלמעלה מהגבלת העולם).

און דאָס טוט זיך אויף דורך תורה (גילוי שם הוי'): פאַר מתן תורה, קודם ביטול הגזירה בין עליונים ותחתונים (און בגלוי האָט נאָך געוועלטיקט די חוקי הטבע וועלכן דער אויבערשטער האָט באַשאַפן אין וועלט) – איז דעמולט, מצד גדרי ה־

48) לקו"ת בחוקותי מה, ג. דרך חיים שער התפלה (נב, סע"ב). סה"מ תרח"ץ ע' נב. הש"ת ע' 73 ואילך. הש"ת ע' 71 ואילך. לקו"ש ח"ז ע' 30 ואילך. לקו"ת חוקת (נז, ד) בפי' "אשר צוה". ועוד. וראה פע"ח שער כט (שער הלולב וד' מיניו) פ"ג: יצוה, כשאמרז"ל (ברכות ו, סע"ב) כל העולם כולו לא נברא אלא לצוות לזה שהוא לשון חיבור.

49) מכילתא יתרו כ, א. וראה בארוכה לקו"ש ח"י ע' 119 ואילך.

50) ראה גם לקו"ש שם ס"ע 125 ואילך. וש"נ.

51) מכות כג, ב. זח"א קע, ב. ועוד.

52) ועפ"ז יש לבאר הענין דמצוות לא תעשה לע"ל (שגם לע"ל יהיו מל"ת, שהרי "התורה הזו לא תהא מוחלפת" – ראה רמב"ם בפיה"מ סנהדרין, הקדמה לפרק חלק, היסוד התשיעי), דלכאורה: מכיון שלע"ל ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ (זכרי' יג, ב) – איך יהי' אז קיום מצוות לא תעשה? וי"ל, שקיום מל"ת לע"ל אין זה בכדי לדחות את הרע, כי לע"ל לא יהי' רע, אלא לפי שגם מל"ת הם ענין חיובי*, שע"י קיומן נמשך קדושה.

וראה תניא (קו"א) קס, א: "לעתיד לבוא . . יהי' עסק התורה בבחי' עשה טוב בלבד . . וגם בשס"ה מל"ת שהן גבורות קדושות כו'".

*) דהחילוק בין מ"ע למל"ת הוא רק בהציור שלהם, אבל במהותם, גם מל"ת הם ענין חיובי. ועצ"ע.

עולם, האָט די וועלט געקענט מקבל זיין נאָר אלקות וואָס איז בערך ושייך להבריאה (א־ל שדי), און עס האָט געקענט זיין אַן אָרט צו זאָגן אַז דער גילוי פון א־ל שדי איז באַזונדער פון דעם גילוי פון שם הוי';

דורך מתן תורה, וואָס תורה שלמעלה מעולם איז אין זיך כולל אַלע מצוות, ביז כל עניני העולם (כמאמר[53] „אסתכל באורייתא וברא עלמא"), און ווי זיי שטייען אין תורה זיינען זיי אויך למעלה מעולם — האָט דאָס אַריינגעגעבן דעם כח אַז אויך אין די גדרי וגבולות העולם (וואָס נעמט זיך פון א־ל שדי), זאָל מען מגלה זיין ווי דאָס איז אַ חלק פון דעם בלי גבול פון תורה (הוי'), און אויך א־ל שדי („שאמרתי לעולמי די", און „שדי באלקותי לכל ברי'") איז אַן אויסדרוק פון דער שלימות (און בל"ג) פון שם הוי'.

ויש לומר, אַז וויבאַלד די אבות למדו וקיימו כל התורה קודם שניתנה[54], דערפאַר האָבן זיי מגלה געווען בעולם א־ל שדי, וואָס בפנימיותו איז דאָס דער גילוי פון שם הוי', כנ"ל (ס"ג).

ו. צווישן די אבות גופא איז דער ענין התורה בהדגשה מיוחדת באַ יעקב אבינו (כידוע[55] אַז די ג' אבות בפרטיות זיינען כנגד די שלשה עמודים תורה עבודה וגמילות חסדים, און יעקב איז כנגד תורה), כמ"ש[56] „ויעקב איש תם יושב אהלים", „אהלו של שם ואהלו של עבר"[57], און „יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל"[58].

ויש לומר אַז דאָס איז איינער פון די טעמים פאַרוואָס באַ יעקב אבינו געפינט מען אַ הדגשה מיוחדת, אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער געהאַט מערער צוטאָן (מער ווי אברהם ויצחק) מיט מנגדים און העלמות והסתרים פון וועלט — רוגזו של לבן, של עשו, של דינה, של יוסף (וכדברי יעקב[59] „מעט ורעים היו ימי שני חיי"), איז די תורה מדגיש ווי ער איז געווען און געבליבן בתכלית השלימות — ניט נאָר בנוגע צו זיך אַליין ובני ביתו („מטתו שלימה"[60]), נאָר אויך ביחס צו זיין מלחמה ועבודה בעולם, כמ"ש[61] „ויבא יעקב שלם עיר שכם", „שלם בגופו שנתרפא מצלעתו, שלם בממונו שלא חסר כלום מכל אותו דורון, שלם בתורתו שלא שכח תלמודו בביתו של לבן"[62].

אפילו ווען „ויאבק איש עמו"[63], האָט יעקב אויסגעפירט — „שרית עם אלקים ואנשים (עשו ולבן) ותוכל"[64] (ביז אַז ער האָט גע'פועל'ט אַז דער מלאך זאָל אים בענטשן[65]),

ביז נאָכמער: אפילו דער רושם וואָס איז געבליבן פון דער מלחמה מיט דעם מלאך — „ויגע בכף ירכו גו'"[66] — איז דערנאָך אויסגעהיילט געוואָרן, „ויבא יעקב שלם עיר שכם", „שלם בגופו שנתרפא מצלעתו".

וע"פ הנ"ל איז מובן דער טעם אויף דעם: יעקב איז ענינו תורה. און אין תורה

---

53) זח"ב קסא, א־ב.

54) יומא כח, ב.

55) מגלה עמוקות אופן רנ (בסופו). וראה לקו"ש חלק ל' ע' 137. ושי"נ.

56) תולדות כה, כז.

57) ב"ר פס"ג, י. פרש"י עה"פ.

58) ברכה לג, י.

59) ויגש מז, ט.

60) ויק"ר פל"ו, ה. פרש"י ויחי מז, לא. וראה פסחים נו, א. תו"כ בחוקותי כו, מב. ספרי ואתחנן ו, ד. האזינו לב, ט. ברכה לג, ב.

61) וישלח לג, יח.

62) פרש"י עה"פ — משבת לג, סע"ב. ב"ר פע"ט, ה.

63) וישלח לב, כה.

64) שם, כט ובפרש"י.

65) שם, ל.

66) שם, כו.

זיינען אַלע ענינים בתכלית השלימות, און פון תורה ווערט נמשך די שלימות אויך בעולם, אַז בכל ענין שבעולם, די מדידות והגבלות בעולם, ביז אויך די העלמות הסתרים בעולם (עשו וכיו"ב) — זאָל זיך אָנהערן דער ענין חיובי (וקדושה) שבזה, די שלימות אין דעם. דעריבער שטייט ב־הדגשה באַ יעקב, אַז "ויבא יעקב שלם", אַז ניט נאָר וואָס די ענינים האָבן ניט פוגע געווען אין אים ח"ו, נאָר אדרבה — ער איז געווען שלם[67].

ולהוסיף, שי"ל אַז דאָס איז אויך דער רמז אין דעם וואָס עס שטייט "ויבא יעקב שלם עיר שכם": שכם איז געווען אַ מקום של פורעניות, דאָרט איז געווען די מעשה פון דינה און דערנאָך הריגת אנשי שכם ע"י שמעון ולוי[68], אויף וועלכע יעקב האָט זיך מצטער געווען, "ואני מתי מספר ונאספו עלי והכוני ונשמדתי אני וביתי"[69], און ווי ס'איז דערנאָך געווען בפועל אַז יעקב האָט געדאַרפט מלחמה האָבן כדי כובש זיין שכם ("שכם גו' אשר לקחתי גו' בחרבי ובקשתי")[70]. וי"ל אַז דאָס איז אויך מרומז אין דעם נאָמען "שכם" — בחי' אחוריים (בציור גוף האדם)[71]. און "ויבא יעקב שלם עיר שכם" אונטערשטרייכט ווי אויך קומענדיק אין בחי' אחוריים שבעולם (שכם) איז יעקב (תורה) שלם.

ז. ע"פ כל זה קען מען אויך מרמז זיין (פאַרשטיין) די שייכות מיט דעם בעל ההילולא פון כ"ד טבת, דער אַלטער רבי:

צווישן די ג' אבות החסידות איז דער אַלטער רבי כנגד יעקב אבינו, דער ענין התורה. ווי מ'זעט בפשטות די הדגשה מיוחדה בענין התורה באַ דעם אַלטן רבי'ן, וכשמו הנפוץ בפי כלל ישראל: בעל התניא והשולחן ערוך, על שם די (ספרים ב)תורה וועלכע ער האָט מחבר געווען — בפנימיות התורה, דער ספר התניא (תושב"כ פון חסידות[72]), און בנגלה דתורה — דער שולחן ערוך[73].

וואס דאָס איז מעין ובדוגמת דעם גילוי באַ מתן תורה: די עשרת הדברות (נגלה דתורה), און גילוי מעשה המרכבה (פנימיות התורה), כמ"ש[74] "ויראו את אלקי ישראל ותחת רגליו כמעשה לבנת הספיר וכעצם השמים לטוהר", "ויחזו את ה־אלקים ויאכלו וישתו".

והענין:

ע"ד ובדוגמת ווי די אבות העולם האָבן אויפגעטאָן גילוי אלקות בעולם — וארא אל האבות בא־ל שדי, אַלס הכנה צו מתן תורה (לאחרי גלות ויציאת מצרים) און דער גילוי שם הוי' וואָס איז דעמולט געווען — עד"ז (נאָך מ"ת) האָבן די אבות ה־חסידות (דער בעש"ט, מגיד און דער אַלטער רבי — ר"ת "שדי") מגלה געווען פנימיות התורה (פאַרבונדן מיט סתים ד־

---

67) ועפ"ז יש לומר הטעם שיש מצות לא תעשה (שהיא מצוה תמידית) של גיד הנשה, אף שהטעם על זה הוא "כי נגע בכף ירך יעקב בגיד הנשה", ולכאורה, מודגש בקיום מצוה זו החסרון ביעקב, היפך ענין "ויבא יעקב שלם", שנתרפא מצלעתו? ועפ"פ המבואר בפנים י"ל, שבקיום מל"ת זו (כמו בקיום כל המל"ת) מודגש הענין חיובי ("הן") שבזה, הכאה כתוצאה מהנגיעה בכף ירכו — שלימות מציאות האדם (של שס"ה גידים כנגד שס"ה מל"ת), בדוגמת ויבא יעקב שלם, שנתרפא מצלעתו.

68) וישלח לד, א ואילך.

69) שם, ל.

70) ויחי מח, כב. וראה פרש"י שם.

71) ו"שכם בן חמור" מרמז גם על ירידה נוספת דבחי' חמור עם כל הפירושים שבזה (חמור מלשון חומריות, ועוד).

72) ראה בארוכה מכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר — נדפס בקיצורים והערות לתניא ע' קיח ואילך.

73) ראה לקו"ש ח"ו ס"ע 36 ואילך. ושי"נ.

74) משפטים כד, י ואילך. וראה לקו"ש ח"א ע' 180. ובכ"מ.

קוב"ה), אַלס הכנה צו דער גאולה האמיתית והשלימה און גילוי פנימיות התורה דלע"ל, און גילוי שם הוי' דלע"ל.

וכשם ווי די פנימיות פון גילוי א־ל שדי באַ די אבות איז דער גילוי שם הוי' (כנ"ל ס"ג), עד"ז ובמכ"ש וק"ו איז בנוגע צו דער גילוי אלקות דורך תורת החסידות, וועלכע איז מגלה וממשיך די העכסטע דרגות אין אלקות, ביז פון שם הוי', למטה בעולם.

וכשם ווי צווישן די אבות קומט עס אַרויס בשלימות באַ יעקב אבינו (האב השלישי, הכולל אַלע דריי אבות[75]), אַזוי איז דאָס אויך בנוגע צו די אבות החסידות, אַז דער אַלטער רבי (דער דריטער) במיוחד האָט מגלה געווען דער עצם פון פנימיות התורה[76] (הוי') בהתלבשות בהבנה והשגה, בבחי' שדי[77], ביז אין אַן אופן פון „יתפרנסון מיני'"[78], ע"ד „ויחזו את האלקים ויאכלו וישתו", אַז דאָס ווערט „דם ובשר כבשרו"[79], ביז — אַז ער

75) ראה פרש"י האזינו לב, ט.

76) ד"ה פדה בשלום תרפ"ה (ע' עט) — בשם אביו כ"ק אדנ"ע — י"ט כסלו עטר"ת. וראה לקו"ש חט"ו ע' 286. ושי"נ.

77) שעי"ז השלים הכוונה של גילוי חסידות הכללית ע"י הבעש"ט והמגיד (וראה שיחת כ"ק מו"ח אדמו"ר (מליל ש"ק פ' תשא תפר"ח), שגילוי הבעש"ט והמגיד היו הכנה לגילוי עצם פנימיות התורה שנתגלה ע"י אדה"ז, בדוגמת עבודת האבות שהיו הכנה לגילוי העצמות דמ"ת).

ועפ"ז י"ל הטעם שבר"ת ד„שדי" (שניאור, דוב, ישראל) הסדר הוא מלמטלמ"ע (היפך סדר הזמנים), כי השלימות דגילוי אלקות (הוי') בבחי' שדי (המדידה דאלקות ודעולם) נעשה ע"י אדה"ז (שניאור), ולפנ"ז — ע"י המגיד (שגילה חסידות בביאור יותר מתורת הבעש"ט), ולפנ"ז — ע"י הבעש"ט.

78) ל' התקו"ז ת"ו בסופו. וראה הקדמת המקדש מלך לספרו. כסא מלך לתקו"ז שם. ועוד.

79) ראה תניא פ"ה.

האָט עס אויך ממשיך געווען אין דער מדידה והגבלה פון עולם („שאמרתי לעולמי די"), אַז „הטבע ממש יהי' אלקות . . וזה בא ע"י רבינו בהתלבשות בהשגה דוקא"[80]. ד.ה. אַז אויך אין דער מדידה והגבלה פון „ימה וקדמה וצפונה ונגבה" זאָל ווערן „ופרצת" (ווי עס שטייט באַ יעקב[81]).

ח. ויש לומר אַז דאָס איז אויך מרומז בשמו פון דעם אַלטן רבי'ן — שניאור זלמן:

„שניאור" באַווייזט אויף שני אור, די צוויי אורות — פון נגלה דתורה און פנימיות התורה — מיט וועלכע דער אַלטער רבי האָט באַלויכטן די וועלט[82]; און ער האָט דאָס ממשיך געווען אין „זלמן" אותיות „לזמן" (און זלמן איז אַ שם בלע"ז[83] (אידיש[84])) — גדרי העולם. און אַזוי אַז דאָס ווערט איין נאָמען פון איין מענטשן, וואָס דאָס באַדייט אַז אע"פ וואָס „שניאור זלמן" זיינען צוויי ווערטער (צוויי ענינים), ווערן זיי נתאחד אַלס איין ענין, אַז דער „זלמן" (ווערט בלה"ק, לזמן) איז אַ חלק פון „שניאור" (תורה).

וי"ל עוד: דער כח צו אויפטאָן אַז די מדידה והגבלה פון וועלט, „לזמן" (וואָס נעמט זיך פון שם שדי) זאָל ווערן אַ חלק פון תורה (הוי'), איז דורך דעם וואָס אין תורה עצמה זיינען פאַראַן ע"ד די צוויי ענינים פון „שניאור" (נוסף צו דער חילוק צווישן תורה און מצוות, כנ"ל ס"ד) —

80) סד"ה פדה בשלום שבהערה 76 (ע' פח).

81) ויצא כח, יד. שבת קיח, ריש ע"ב.

82) ראה לקו"ש ח"ז ע' 37. ושי"נ.

83) בית שמואל שמות אנשים בערכו.

84) שמורה על בירור (לשון) האומות (ראה תו"א משפטים עז, ד. עח, ג). ועפ"ז י"ל הטעם שאדה"ז מדגיש באגה"ק (סכ"ה — קמא, א) ש„הבעש"ט ז"ל הי' אומר ד"ת בל"א ולא בלה"ק" (וראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 446 ואילך).

נגלה דתורה, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ מדה (נאָר זי איז — ארוכה מארץ מדה[85]), און פאַרבונדן מיט גדרי העולם, „אילנא דטוב ורע"[86], און פנימיות התורה, שלמע־לה ממדידה[85], און „אילנא דחיי, דלית תמן לא קשי' כו'"[86]. און דורך דעם וואָס דער אַלטער רבי האָט מחבר געווען ביידע חל־קי התורה (שם אחד — „שניאור"), ווערט דערפון אויך נמשך דער כח צו מחבר זיין אלקות שלמעלה מהבריאה (הוי') מיט אלקות שבערך הבריאה (שדי), ביז מיט דעם גבול פון עולם.

ולהוסיף, אַז כשם ווי באַ יעקב איז געווען „ויבא יעקב שלם עיר שכם", אַזוי איז אויך געווען באַ דעם אַלטן רבי'ן, אַז הגם וואָס ער איז געווען אין מאסר — איז ער דערפון נגאל געוואָרן, ובאופן פון „פדה בשלום נפשי"[87], ואדרבה — דורך דעם איז צוגעקומען אין גילוי החסידות, באופן פון „יפוצו מעינותיך חוצה"[88], וב־אופן פון מוסיף והולך ואור — בענין פון „ויבא שלם", הן ברוחניות והן בגשמיות[89] — דורך רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו.

און פון יעקב אבינו, ועד"ז פון דעם אַלטן רבי'ן און רבותינו נשיאינו ווערט נמשך דער כח צו די „בנים", אידן בכל הדורות — אַז באַ זיי זאָל זיין „ופרצת" (נחלה בלי מצרים) אין דער „ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[18] פון וועלט, ביז צו דער שלימות דערפון — גילוי פנימיות התורה בגאולה האמיתית והשלימה, לאחרי סיום הגלות (בדוגמא ווי מתן תורה וואָס איז געקומען לאחרי גלות וגאולת מצרים און די הכנה פון עבודת האבות).

ט. ע"פ הנ"ל האָט מען אויך אַ לימוד בנוגע צו דעם יחס און דעם אופן ווי דער אויבערשטער „קוקט" אויף אַ אידן, און במילא — ווי איין איד דאַרף „קוקן" אויף אַנדערע אידן:

אַ איד איז אַ בן אברהם יצחק ויעקב, און ירש'נט די ענינים פון די אבות[90], כולל ובמיוחד פון יעקב אבינו, וכמפורש ב־קרא[91]: אויף יעדער איד שטייט „כי חלק הוי' עמו יעקב חבל נחלתו", און יעדער איד ווערט אָנגערופן בשם ישראל, שמו של יעקב אבינו, ע"ש[41] „כי שרית עם אלקים ואנשים ותוכל"[92].

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז מצד דעם עצם מציאות פון אַ איד, איז אין וועלכן מעמד ומצב ער זאָל נאָר זיין, אפילו אין עולם הזה הגשמי, אפילו אין חושך הגלות, בבחי' אחוריים דשכם, און אפילו אויב אַ שר ומלאך האָט (בחיצוניות) מלחמה געהאַט מיט אים און האָט פוגע געווען (ח"ו) אין דעם גיד פון אַ אידן — איז אַ דבר ברור אַז „שרית עם אלקים ואנשים ותוכל", און „ויבא יעקב שלם (אפילו אין) עיר שכם", וואָרום אויף יע־דער איד שטייט „יעקב חבל נחלתו", און

85) ראה סה"מ ה'תש"ה ע' 193.

86) רע"מ פ' נשא (זח"ג קכד, ב) — הובא ונתבאר בתניא אגה"ק סכ"ו.

87) תהלים נה, יט.

88) ראה ס' השיחות תורת שלום ס"ע 112 ואילך.

89) ויש לקשר זה עם יום הילולא של אדה"ז בכ"ד טבת — טבת מלשון טוב, טוב בגשמיות וברוחניות, וטבת הוא „ירח שהגוף נהנה מן הגוף" (מגילה יג, א), כידוע הפירוש בזה — הנאת כביכול של יש האמיתי מיש הנברא (ראה לקו"ש חט"ו ע' 384. ס' השיחות תשמ"ט ח"א ע' 140. ושי"נ), כלומר שהשלימות „ויבא . . שלם" נמשכת וחודרת גם בגוף הגשמי.

90) ובלשון המשנה (עדיות פ"ב מ"ט) — „האב זוכה לבן כו'". וראה תו"א ריש פרשתנו (נעתק לעיל הערה 16). ובכ"מ.

91) האזינו לב, ט.

92) ראה גם לעיל ע' 240 ואילך. ושי"נ.

נאָכמער — „יעקב אבינו לא מת, מה זרעו בחיים אף הוא בחיים"[93], מ'איז מודיע אַז „זרעו בחיים" (ביז אַז חיי יעקב איז תלוי אין חיי זרעו, כנ"ל בארוכה[94])!

דאָס איז אפילו בנוגע צו דעם עצם מציאות פון אַ אידן, עאכו"כ מצד דער שייכות פון יעדער איד צו תורה, כמ"ש[95] „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב": ווייבאַלד אַז יעדער איד איז פון „קהלת יעקב", איז אַ דבר ברור אַז „תורה צוה לנו משה", און ער איז יורש כל התורה כולה, וואָס ירושה איז אומאָפּהענגיק פון דער הנהגה פון דעם יורש: און מצד דעם וואָס יעדער איד האָט אַ שייכות מיט תורה (וכל התורה), ביז אַ דאָס איז די מציאות פון אַ אידן (ישראל ר"ת „יש ששים ריבוא אותיות לתורה"[96], יעדער איד האָט אַן אות אין תורה, ביז אַז ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד[6]), איז מובן אַז בכל מקום ומצב וואו אַ איד געפינט זיך, אפילו אין אַ מצב וואָס בחיצוניות געפינט ער זיך אין „שכם", איז מצד דעם וואָס מציאותו איז תורה — הערט זיך און נאָכמער — זעט זיך אָן נאָר דער ענין חיובי אין יעדער ענין, די מעלות וואָס יעדער איד האָט.

און אויב מ'זעט ניט די מעלות בגלוי — איז אַ ראי' אַז ער האָט ניט גענוג געזוכט, און אפשר זעט ער ניט די מעלות צוליב דעם חושך הגלות, אָדער — ער זעט די אייגענע חסרונות אין דעם צווייטן, אַזוי ווי איינער וואָס קוקט אין אַ שפּיגל (ווי גערעדט פריער[97]).

י. אין דעם קומט צו נאָכמער הדגשה לויט די ביאורים און הוראות פון די אבות החסידות, סיי דער בעש"ט און מגיד, און סיי דער אַלטער רבי — כידוע אַז איינער פון די יסודות עיקריים פון תורת הבעש"ט והמגיד איז אין דעם גודל הענין פון אהבת ישראל, ליבשאַפט צו יעדער איד, מצד דעם עצם ענין וואָס ער איז אַ איד, בנו היקר פון דעם אויבערשטן, כמבואר בארוכה בריבוי מקומות בתורת הבעש"ט והמגיד[98].

און אין דעם גופא קומט צו נאָכמער הדגשה און ביאור (באופן פון חב"ד) ב־תורת אדה"ז, אָנהויבנדיק פון ספר התניא שלו, וואו ער „מאַכט" אַ גאַנצן פרק — ופרק לב — פון אהבת ישראל.

[ולהוסיף אַ לימוד מיוחד בזה: אין דער מהדורא קמא פון ספר התניא[99] (כ־נראה אין די כת"י וכו') איז ניטאָ דער פרק לב (ביאור ענין אהבת ישראל), נאָר פון פרק לא גייט גלייך בהמשך אחד צו פרק לג. אָבער אין דער מהדורא בתרא פון תניא — דער ספר התניא שלפנינו — האָט דער אַלטער רבי מוסיף געווען דעם פרק לב ענין אהבת ישראל ובביאור.

ווייבאַלד אַז יעדער זאַך איז בהשגחה פרטית[100], און די השתלשלות הדברים איז אָנגעקומען צו אונז — איז זיכער פאַראַן אין דעם אַ לימוד והוראה, בגודל ההד־גשה בתורת החסידות בענין אהבת ישר־אל: טאָמער איינער וועט מיינען אַז ס'איז דאָ אַ קס"ד אַז דער ענין פון אהבת ישראל דאַרף ניט זיין בהדגשה בכל מקום ומקום, והראי' אַז אין דער מהדו"ק פון תניא איז דאָס ניט אַריינגעשטעלט געוואָרן לכת־חילה, און מ'האָט געקענט לערנען דעם

93) תענית ה, ב.
94) שיחת ש"פ ויחי (לעיל ע' 225 ואילך) עיי"ש.
95) ברכה לג, ד.
96) מגלה עמוקות אופן קפו.
97) שיחה שבהערה 92 סעיף טו. וש"נ.
98) ראה בארוכה קונטרס אהבת ישראל. ספר הערכים חב"ד ערך אהבת ישראל. וש"נ.
99) קה"ת, תשמ"ב.
100) כתר שם טוב (הוצאת קה"ת) הוספות סקי"ט ואילך. וש"נ.

תניא אַן דעם פרק — האָט מען דעם לימוד דערפון וואָס אין דער מהדורא שלאח"ז ובפרט — בתרא האָט דער אַלטער רבי דאָס צוגעגעבן, — און „הכל הולך אחר ה־חיתום"[101], לויט די דברי הכהן והשופט „אשר יהי' בימים ההם"[102] — אַז איצטער איז ניטאָ קיין אָרט און קיין קס"ד כלל וכלל באופן אחר. ואדרבה — ע"ד דברי המשנה[103] אַז „למה מזכירין דברי היחיד בין המרובין לבטלה, שאם יאמר אדם כך אני מקובל, יאמרו לו כדברי איש פלוני שמעת (ונדחו דבריו)"].

יא. ע"פ הנ"ל — בגודל מעלתן של ישראל — קען מען אויך מבאר זיין אַ הוראה פון קביעות ראש חודש שבט בשנה זו — ביום הרביעי בשבוע, היום שבו נתלו המאורות, די „שני מאורות הגדולים", מאור הגדול ומאור הקטן[104]:

יעדער איד דאַרף זיין — און איז — אַ „מאור", אַ משפיע „להאיר על הארץ"[105], צו באַלייכטן אַנדערע מענטשן וואָס גע־פינען זיך בארץ (כולל ארץ מלשון אר־ציות). וואָרום יעדער (— כל) איד האָט מעלות וועלכע ער קען משפיע זיין צו אַנדערע[106] [כמובן אויך פון מאחז"ל[107] „איזהו חכם הלומד מכל אדם", ועאכו"כ בנוגע צו אַ איד, וואָס יעדער איד האָט זיין אות וחלק אין תורה[108] כו'].

דער אופן ההשפעה גופא קען זיין אויף צוויי אופנים: (א) אַלס אַ „מאור הגדול": וויבאַלד דער משפיע איז אַ גדול בתורה וגדול במעלות וכיו"ב (גרעסער פאַר דעם צווייטן), איז ער מתאים און מוכן צו משפיע זיין צו אַ צווייטן, טאַקע בסבר פנים יפות וכו', אָבער ס'איז מודגש אַז ער איז דער משפיע און דער צווייטער איז דער מקבל (מאור הקטן, וועלכע איז מקבל איר אור פון דעם מאור הגדול). (ב) אַלס אַ „מאור הקטן": דער משפיע (מאור) דאַרף מרגיש זיין און מדגיש זיין (ניט זיינע אייגענע מעלות לגבי דעם זולת, נאָר אדרבה —) די מעלות פון דעם צווייטן, אַז ער (דער צווייטער) איז גאָר דער „מאור הגדול" און דער משפיע איז דער „מאור הקטן" וועלכער שפיגלט אָפּ די מעלות פון דעם צווייטן!

די הוראה פון יום הרביעי, שבו נתלו שני המאורות, איז מדגיש אַז ביי אַ אידן דאַרפן זיי ביידע אופני השפעה, אָפּגע־מאָסטן בהתאם צו יעדן פאַל, כידע איניש בנפשי', אַז אַמאָל איז מען מצליח אין איין אופן און אַמאָל אין דעם צווייטן אופן.

יב. בכל האמור לעיל בגודל מעלתן של ישראל קומט צו ביתר שאת וביתר עוז בדורנו זה[109]: די אידן פון דעם דור — די שארית הפליטה פון דער שואה, אין וועל־כע עס זיינען אומגעקומען מיליאָנען אידן על קידוש השם, השם ינקום דמם — זיינען בבחי' „אוד מוצל מאש"[110], וועלכע זיינען לעבעדיקע עדות אויף דעם אַז ניט קוקנ־דיק אויף די גזירות אויף אידן וואָס קו־מען אַלס תוצאה פון „ויגע בכף ירכו" (כדאיתא במדרש[111]), איז „ויבא יעקב שלם"[112].

---

101) ל' חז"ל — ברכות יב, א.

102) שופטים יז, ט.

103) עדיות פ"א מ"ו.

104) בראשית א, טז.

105) שם, טו. יז.

106) ולכן חייב כל ישראל, גם עני בישראל, בנתינת הצדקה (שו"ע יו"ד ר"ס רמח).

107) אבות רפ"ד.

108) כפי שמתפלל כאו"א מישראל בסיום תפלת שמו"ע — „ותן חלקנו בתורתך".

109) בהבא לקמן — ראה גם שיחות שבהערה 92. 94. וש"נ.

110) זכרי' ג, ב. וראה פי' מהרי"י קרא עה"פ.

111) ב"ר פע"ז, ד. הובא ברמב"ן וישלח לב, כו.

112) ראה רמב"ן שם.

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, ווי גאָר ווייט ס'איז אָפּגעפרעגט צו רעדן און מקטרג זיין ר"ל אויף אידן בכלל, און אויף אידן פון דעם דור במיוחד, ועאכו"כ ניט מקטרג זיין תוך כדי חילול אין דעם כבוד פון די אידן וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם, נשמות קדושות וטהורות, וגופים קדושים וטהורים וועלכע האָבן עולה געווען בלהב השמימה (ע"ד ווי אַ קרבן עולה)... רחמנא ליצלן, לא תקום פעמיים צרה[113].

רחמנא ליצלן זאָגן אַז דער אויבערשטער פירט אַ ברוגז אויף אידן. אדרבה: דער אויבערשטער האָט ליב אידן און מיט אַן אהבה עצמית בכל זמן ובכל מקום, ווי יעדער איד זאָגט אין דאַווגען בכל יום ויום: „אהבת עולם (רבה) אהבתנו", ובסיום הברכה: „הבוחר בעמו ישראל באהבה"!

[און אפילו אויב מ'דאַרף האָבן דברי מוסר — ווייסט דער אויבערשטער אַליין ווי דאָס צוטאָן, און דערצו — האָט מען גערעדט בארוכה די תנאים ווער און ווי מ'קען רעדן מוסר, דוקא מתוך אהבת ישראל, באופן פון „מוסר אביך"[114], ודוקא מתוך עניוות ושפלות].

ועאכו"כ בנוגע צו די אידן אין דעם דור, די אידן וואָס זיינען געבליבן נאָך דער שואה, כנ"ל.

ואדרבה: בשעת מ'דערמאָנט די קרבנות השואה זאָגט יעדער איד — השם ינקום דמם, ובנוסח התפלה פון „אב הרחמים": „קהלות הקודש שמסרו נפשם על קדושת השם . . וינקום נקמת דם עבדיו השפוך". אויב דער אויבערשטער פאַרנעמט זיך מיט אַ חשבון — איז דאָס אַ חשבון פון „ינקום נקמת דם עבדיו השפוך", קעגן די שונאי וצוררי ישראל!

און בנוגע צו אידן — להבדיל — איז אדרבה ואדרבה: דער אויבערשטער האָט זיך כביכול מתחייב ומזכה געווען, אַז ער וועט זיי בחשבון „אָפּצאָלן" אויף דעם אומגליק פון דער שואה, וואָס נוסף צו דעם וואָס עס פעלן אַ ריבוי הכי גדול אידן, איז דערפון אויך אַרויס תוצאות בלתי רצויות, אַז דאָס האָט אָפּגעשוואַכט יראת שמים בא אַ עכ"פ עטלעכע אידן; איז דער אויבערשטער מחוייב כביכול מקיים זיין הבטחתו אַז „לא ידח ממנו נדח"[115], ו„הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין"[116], און זיין הבטחה — אַז „ויבא יעקב שלם"!!

ועאכו"כ אַז חלילה וחס מ'זאָל זאָגן און אפילו טראַכטן בחשבונו של הקב"ה, אַז די חטאים כו' קענען רחמנא ליצלן ברענגען נאָך אַ שואה ר"ל ור"ל, הי' לא תהי'! ...

ס'איז אַ דבר פשוט, עד כדי כך אַז מ'דאַרף עס אפילו ניט באַוואָרענען, אַז לאחרי דער שואה — איז לא תקום פעמיים צרה, לא מעין דילי' ולא מקצתי' ר"ל, ואדרבה: עס וועט זיין אַך טוב וחסד, בטוב הנראה והנגלה, צו יעדער איד און צו אַלע אידן בכל מקום שהם, ובהדגשה — טוב הנראה והנגלה!!

יג. ובאם הדברים אמורים בכל הזמנים, עאכו"כ בדורנו זה עצמו — בזמנים אלו שהאומות מתגרות זו בזו, ווען אידן האָבן די הבטחה מיוחדה פון דעם אויבערשטן „בני אל תתיראו כל מה שעשיתי לא עשיתי אלא בשבילכם"[117], נוסף צו די

113) ל' הכתוב — נחום א, ט (וראה לקו"ש חכ"ג ע' 306 הערה 55. ושי"נ).

114) משלי א, ח. וראה שם יג, כד.

115) שמואל־ב יד, יד.

116) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

117) יל"ש ישעי' רמז תצט.

ריבוי הבטחות בתורה אַז „לא ינום ולא יישן שומר ישראל״[118], און „עמו אנכי בצרה״[119], און „פדה אלקים את ישראל מכל צרותיו״[120] (און ערשט דערנאָך „והוא יפדה את ישראל מכל עונותיו״[121]) וכו׳ וכו׳ —

איז אַ זיכערע זאַך אַז „לא ינום ולא יישן שומר ישראל״ בכל מקום בעולם וואו אידן געפינען זיך, אויך אין חוץ ל־ארץ,

ועאכו״כ אין ארץ הקודש, וועלכע ווערט אָנגערופן בתורתנו הקדושה והאמי־תית: „ארץ גו׳ אשר תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[122].

און ס׳איז אַ זיכערע זאַך, אַז דער אויבערשטער שטייט איצט (ע״ד ווי דער משל וואָס שטייט[123] בנוגע צו חודש אלול בערך צו אַנדערע חדשים) ווי אַ „מלך בשדה״, והוא מקבל את כולם בסבר פנים יפות ומראה פנים שוחקות לכולם, און יעדער איד קען צוגיין צו דעם אויבערשטן און אים בעטן זיינע בקשות און דער אויבערשטער וועט זיי זיכער ממלא זיין.

וכאמור, דער אויבערשטער איז מודיע ומכריז צו אידן בכל מקום שהם, ועאכו״כ בארץ הקודש: „בני אל תתיראו״, ואדרבה: עס וועט זיכער זיין „ויבוא יעקב שלם (עיר שכם אשר) בארץ כנען״.

יד. דערפון קומט נאָך צו אַ לימוד מיוחד בנוגע לזמננו זה: אע״פ וואָס יעקב האָט לכתחילה מורא געהאַט פאַר מלחמה און האָט געזאָגט „ואני מתי מספר ונאספו עלי גו׳״, ווי ס׳איז געווען בפועל, „כשהרגו שמעון ולוי את אנשי שכם נכנסו כל סביבותיהם להזדווג להם, וחגר יעקב כלי מלחמה כנגדן״[124], און איז אַרויס במלחמה און האָט כובש געווען שכם „בחרבי ובקשתי״ (נוסף אויף דעם וואָס ער האָט קונה געווען „חלקת השדה אשר נטה שם אהלו מיד חמור אבי שכם״).

דער לימוד דערפון איצטער: וויבאַלד אַז דער אויבערשטער האָט בפועל אָפּגעגעבן אידן עיר שכם און די שטחים פון יהודה ושומרון (דורך דעם וואָס „נכנסו כל סביבותיהם להזדווג להם, וחגר יעקב כלי מלחמה כנגדן״ אין די מלחמות וואָס אידן האָבן געפירט אין די לעצטע יאָרן) — איז בטוח ופשוט, אַז צוליב פקו״נ טאָר מען זיי ע״פ תורה ניט אָפּגעבן ח״ו (כפס״ד בשו״ע או״ח הל׳ שבת[125]).

עוד ענין בזה: לאחרונה קומען אָן אין ארץ ישראל די עולי רוסי׳, הונדערטער טויזנטער אידן פון דער שארית הפליטה פון רוסלאַנד,

ולהעיר, אַז מדינה ההיא איז די לאַנד פון וואַנעט ס׳זיינען אויסגעוואָקסן דער אַלטער רבי און רבותינו נשיאינו, ביז כ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו וועלכער איז פון דאָרט אַרויסגעפאָרן לחצי כדור התחתון, אָבער ער האָט דאָרט געלאָזט תלמידים ותלמידי תלמידים וועלכע האַלטן אָן די שלהבת פון „נר מצוה ותורה אור״, און האָבן און זיינען משפיע (בכל מדה האפשרית) אויף די אידן אין יענער מדינה: און איצטער — לאחרי העכער זיבעציק יאָר וואָס די אידן זיינען דאָרט געווען תחת ממשלה חזקה, בבחי׳ תינוקות שנשבו בין העכו״ם, אונטער אַ ממשלה וועלכע האָט ניט דערלויבט מחנך זיין

118) תהלים קכא, ד.

119) שם צא, יד.

120) שם כה, כב.

121) שם קל, ח.

122) עקב יא, יב.

123) לקו״ת ראה לב, א.

124) רש״י ויחי מח, כב.

125) סימן שכ״ט.

אידן בדרך התומ"צ – קומען זיי פון דאָרט איצטער אַרויס, און זיינען מתקן ומעלה אַלע ענינים שבעבר, דורך עבודת התשובה שלהם,

און זיכער גיט דאָס צו נאָכמער און מער אין דעם גודל הרחמנות און אהבה פון דעם אויבערשטן צו אידן, און במיוחד – אַז זיי זאָלן זיך קענען באַזעצן בשלום ובמנוחה, ובפרט אין „ארץ גו' אשר תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

ובפרט דורך דעם וואָס אידן זיינען מוסיף אין תורה ומצוות, וואָס הם חיינו ואורך ימינו, און דורך דעם – קומט צו נאָכמער אין די ברכות פון דעם אויבערשטן.

*

טו. ולסיים מיט אַ הוראה בנוגע ל־פועל:

בקשר מיט דעם יום ההילולא פון דעם אַלטן רבי'ן – איז כדאי ונכון ביותר, אַז יעדערער און יעדערע זאָלן מוסיף זיין אין קביעות עתים בתורה פון דעם אַלטן רבי'ן, ובמיוחד – אין שולחן ערוך און אין ספר התניא, צוזאַמען מיט די ביאורים בזה פון רבותינו נשיאינו – סיי די ביאורים ב־נגלה דתורה (פון אדה"ז, פון דעם מיטעלן רבי'ן, שנדפס ספר פסקי דינים שלו לאח־רונה, ועאכו"כ פון דעם צמח צדק, און פון רבותינו נשיאינו ממלאי מקומם), און סיי אין פנימיות התורה, תורת החסידות.

וכאמור – כל אחד ואחת, וואָרום אויך נשים זיינען מחוייב בלימוד התורה בהל־כות הצריכות להן, און אין לימוד פנימיות התורה (וועלכע ברענגט צו אהבת ה' ויראת ה' ואמונה בה' כו', פון די מצוות תמידיות אין וועלכע אַלע זיינען מ־חוייב[126]).

126) אגרת המחבר בהקדמה לספר החינוך.

– ולהעיר, אַז אמי מורתי ע"ה פלעגט מעתיק זיין[127] – בדיוק ובמהירות – מאמרי חסידות וועלכע פלעגן אָנקומען בבית אבי' (אַ חסיד נאָך פון דעם רבי'ן מהר"ש), ווי ס'איז געווען נהוג בזמנים ההם, אַז מ'האָט זיך קאַם קאָם דערוואַרט ווען ס'איז אָנגעקומען אַ מאמר חסידות פון ליובאַוויטש, און מ'פלעג אים גלייך מעתיק זיין בכמה העתקות וכו'.

ויה"ר אַז בקרוב ממש זאָל מען זוכה זיין צו דעם שלימות הגילוי פון תורת אדה"ז – זיינע ספרים וכתבי־יד און פון מעתיקים וכו', און מ'וועט אָפדרוקן ב־דפוס די ענינים וועלכע זיינען נאָך בכתבי יד,

ווי ס'איז צוגעקומען בשנים האחרונות אַ ריבוי אין דער הדפסה פון ספרי חסי־דות פון רבותינו נשיאינו, כולל לאחרונה במיוחד – דפוס באותיות מרובעות פון די ספרים וועלכע זיינען געווען געדרוקט לע"ע באותיות רש"י, כמדובר כמ"פ[128].

ויה"ר אַז דורך דער הוספה בהדפסת ספרי חסידות זאָל דאָס נאָכמער ממהר זיין די גאולה האמיתית השלימה, כידוע דער סיפור בקשר מיט הדפסת הלקו"ת[129] – די גאולה כפשוטה, למטה מעשרה טפחים,

און קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות ח"ו, נאָר אַלע אידן, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, אַלס נשמות בגופים בתכלית השלימות – ווערן נגאל בגאולה האמיתית והשלימה,

ועוד והוא העיקר – תיכף ומיד ממש.

127) ראה גם ס' השיחות תשמ"ט ח"א ע' 11. וראה סה"מ תש"ט ע' 43.

128) ראה ס' השיחות תשמ"ט ח"ב ע' 431.

129) ראה אגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"א ע' תפה. לקו"ש ח"י ע' 80 הערה 70. חי"ח ע' 491. ועוד.

## משיחות ש"פ בא, ד' שבט ה'תנש"א

א. ענינה המיוחד של פרשת בא ביחס לשאר הפרשיות השייכות ליצי"מ (שמות וארא ובשלח) — שבשאר הפרשיות מדובר אודות ההכנה ליצי"מ (שמות וארא) ואודות הענינים שהיו לאחר (ובהמשך ל)יצי"מ (בשלח), ואילו בפרשת בא היא היציאה ממצרים עצמה.

ובפרטיות יותר:

גם בהתחלת הפרשה (לפני היציאה ממצרים, שהי' צורך בשלש מכות נוספות עד שפרעה הסכים לשלח את בנ"י) מודגשת היציאה ממצרים יותר מבפרשיות שלפנ"ז — ש"עבדי פרעה" אמרו כבר "שלחו את האנשים ויעבדו את ה' אלקיהם"[2].

ומודגש יותר בהמשך הפרשה שבה מדובר אודות פעולותיהם של בנ"י בשייכות ליצי"מ[3] — "דבר נא באזני העם וישאלו איש מאת רעהו ואשה מאת רעותה כלי כסף וכלי זהב ויתן ה' את חן העם בעיני מצרים"[5], וכן פרטי הענינים דקרבן פסח (הציווי והעשי' בפועל) עד לאכילתו (ב"ליל שימורים . . להוציאם מארץ מצרים"[6]) באופן ד"מתניכם חגורים וגו'"[7], "מזומנים לדרך"[8].

ועאכו"כ בהפסוקים שבהם מדובר אודות היציאה ממצרים — "ויסעו בני ישראל מרעמסס סוכותה"[9], "ויהי בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים וגו' הוציא ה' את בני ישראל מארץ מצרים על צבאותם"[10].

ועד"ז בסיום הפרשה שבה מדובר אודות מצות תפילין הקשורה עם הזכרון דיצי"מ — "זכור את היום הזה אשר יצאתם ממצרים וגו'"[11], "והי' לך לאות על ידך ולזכרון בין עיניך וגו' כי בחוזק יד הוציאנו ה' ממצרים"[12], "יצי"מ תהי' לך לאות . . שתכתוב פרשיות הללו ותקשרם בראש ובזרוע"[13].

ב. ויש לבאר השייכות דתוכן הפרשה לשם הפרשה (כידוע[14] ששם הפרשה מורה

---

1) יו"ד, ז.

2) משא"כ במכות שלפנ"ז, כולל גם מכת כנים, שאף שאמרו "אצבע אלקים היא" (וארא ח, טו), לא אמרו לפרעה שצריכים לשלח את בנ"י ממצרים.

3) כולל גם דברי משה שהוסיף פרטים באופן היציאה ממצרים — "בנערינו ובזקנינו נלך בבנינו ובבנותינו בצאננו ובבקרנו נלך וגו' וגם מקננו ילך עמנו לא תשאר פרסה" (יו"ד, ט-כו).

4) יא, ב-ג.

5) נוסף על מ"ש לאח"ז (יב, לה) "ובני ישראל עשו כדבר משה וישאלו ממצרים גו' וה' נתן את חן העם בעיני מצרים וישאלום וינצלו את מצרים".

*) ובפרש"י: "אף מה שלא היו שואלים מהם היו נותנים להם, אתה אומר אחד טול שנים ולך" — דיש לומר שהכרחו של רש"י הוא מזה שבהמשך להציווי "דבר נא באזני העם וישאלו ממצרים" נאמר כבר "ויתן ה' את חן העם בעיני מצרים", שמזה משמע שקיימו הציווי מיד (לפני מכת בכורות), ובצאתם ממצרים הוסיפו לשאול ממצרים, ואז נתנו להם "אף מה שלא היו שואלים מהם".

6) יב, מב.

7) שם, יא.

8) פרש"י עה"פ.

9) שם, לז.

10) שם, מא-נא.

11) יג, ג.

12) שם, ט-טז.

13) פרש"י שם, ט.

14) ראה לקו"ש ח"ה ע' 57 ואילך. ועוד.

על תוכן הפרשה כולה) — „בא אל פרעה"[15]:

„בא אל פרעה" מדגיש התוקף דפרעה — שלכן, צריך משה לבוא אליו[16] ולהתרות בו[17] „עד מתי מאנת לענות מפני גו' כי אם מאן אתה לשלח את עמי הנני מביא מחר וגו'"[18].

ובפרט ע"פ מ"ש רש"י בפירוש „עד מתי מאנת לענות מפני", „כתרגומו לאתכנעא, והוא מגזרת עני, מאנת להיות עני ושפל מפני" — שבזה מודגש התוקף דפרעה (היפך ההכנעה) כלפי הקב"ה, כביכול, „כה אמר ה' . . מאנת להיות עני ושפל מפני".

וצריך להבין: מהו הטעם שהפרשה שתוכנה היציאה ממצרים ע"י השבירה דמצרים (התוכן דעשר המכות) — נקראת בשם „בא אל פרעה"[19] שמדגיש התוקף דמצרים?

ובסגנון אחר קצת: לכאורה היתה חלוקת הפרשיות צריכה להיות באופן שהיציאה ממצרים תהי' בפרשה בפ"ע, כלומר, שג' המכות האחרונות יהיו בפרשה שלפנ"ז (ביחד עם שאר המכות), והפרשה שלאח"ז תתחיל בהכנות דבנ"י להיציאה ממצרים, ויציאתם ממצרים בפועל. ומהו הטעם דחלוקת הפרשיות באופן שגם בפרשה דיציאת מצרים מדובר אודות (מצב שיש צורך לבטל) התוקף דפרעה — „בא אל פרעה" „והתרה בו" (המשך וסיום הי מכות), ולא עוד אלא שכל הפרשה דיציאת מצרים נקראת (ע"ש המצב ד)„בא אל פרעה"?

ג. ובהדגשה יתירה — בנוגע לסיום הפרשה ע"ד מצות תפילין:

בפרשת תפילין כתיב[20] „והי' כי יביאך ה' אל ארץ הכנעני וגו'", ומפרש רש"י[21] „יש מרבותינו[22] שלמדו מכאן שלא קדשו בכורות הנולדים במדבר, והאומר שקדשו מפרש ביאה זו לומר אם תקיימוהו במדבר תזכו ליכנס לארץ ותקיימוהו שם". ועד"ז בנוגע להחיוב דתפילין — שלכמה דעות[23] לא היתה מצות תפילין נוהגת במדבר, כי אם, לאחר הכניסה לארץ, וגם להדעות שמצות תפילין היתה נוהגת גם במדבר — עיקרה ושלימותה לאחר הכניסה לארץ[24], ולא עוד אלא שקיומה במדבר הוא בשביל קיומה לאחר הכניסה לארץ, כדרשת חז"ל[25] „ביאה דכתב רחמנא גבי תפילין ופטר חמור . . מבעי לי' לכדתנא דבי ר' ישמעאל עשה מצוה זו שבשבילה תכנס לארץ", שאז יהי' הקיום דמצות תפילין בשלימות[26].

כלומר: סיום וגמר הפרשה דיציאת

15) כן שמה — „בא אל פרעה" (ולא „בא" סתם) — ברמב"ם סדר תפלות כל השנה (בסוף ספר אהבה). ובאבודרהם בסדר הפרשיות וההפטרות.

16) משא"כ לאחרי מכת בכורות הלך פרעה אל משה — „ויקם פרעה גו' ויקרא למשה", „שהי' מחזר על פתחי העיר וצועק היכן משה שרוי" (יב, ל־לא ובפרש"י). וראה לקמן ס"ד.

17) כפירוש רש"י: „ויאמר ה' אל משה בא אל פרעה", „והתרה בו" (וראה לקמן הערה 39).

18) י"ד, ג־ד.

19) ובפרט ש„בא אל פרעה" הוא היפך היציאה ממצרים.

20) יג, ה־יא.

21) שם, יא.

22) בכורות ד, ב ואילך.

23) פרטי הדעות והשקו"ט בזה — ראה תו"ש פרשתנו ח"ב ע' רמט. וש"נ.

24) שהרי גם להדעות שהניחו תפילין במדבר — היו בהם רק ב' פרשיות (קדש והי' כי יביאך) בלבד, כי הפרשיות שמע והי' אם שמוע נאמרו בסוף שנת הארבעים. ועצ"ע.

25) קידושין לז, סע"ב.

26) כלשון רש"י בנוגע לקדושת בכורות: „ותקיימוהו שם".

מצרים הוא במצות תפילין הקשורה עם הכניסה לארץ — כיון שהכוונה והתכלית דיציאת מצרים היא הכניסה לארץ[27], כמ"ש „אעלה אתכם מעני מצרים אל ארץ הכנעני וגו' ארץ זבת חלב ודבש"[28], „והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים וגו' והבאתי אתכם אל הארץ וגו'"[29].

וצריך להבין:

היציאה ממצרים בפרשת בא (נוסף על היותה בפרשה שבשמה מודגש התוקף דפרעה) היא רק השלב הראשון ביצי"מ — הנסיעה מרעמסס לסוכות. וכמודגש בהמשך סיפור יצי"מ בפרשה שלאח"ז: „ויהי בשלח פרעה את העם ולא נחם אלקים דרך ארץ פלשתים גו' פן ינחם העם בראותם מלחמה ושבו מצרימה"[30], היינו, שגם לאחרי שכבר יצאו ממצרים היתה אפשרות שישובו למצרים; וגמר היציאה ממצרים הי' בקריעת ים סוף, כש„וירא ישראל את מצרים מת על שפת הים"[31] — שאז בטלה אימת מצרים מבנ"י[32].

וצריך ביאור: מהו הטעם שמצות תפילין הקשורה עם הכוונה והתכלית (תכלית השלימות) דיצי"מ בהכניסה לארץ, נכתבה (א) מיד לאחר השלב הראשון דיצי"מ, לפני המשך וגמר יצי"מ בפרשת בשלח, (ב) ועיקר: בסיומה של פרשה שבשמה מודגש התוקף דפרעה (היפך דיצי"מ) — „בא אל פרעה"?

ד. ויש לבאר זה בהקדם דברי הזהר[33] בפירוש הכתוב „בא אל פרעה" שבהתחלת פרשתנו[34]:

„מה כתיב בא אל פרעה, לך אל פרעה מבעי לי', מאי בא, אלא דעייל לי' קב"ה אדרין בתר אדרין לגבי תנינא חדא עלאה תקיפא דכמה דרגין משתלשלין מני', ומאן איהו רזא דתנין הגדול, ומשה דחיל מני' לא קריב אלא לגבי' אינון יאורין ואינון דרגין דילי' . . כיון דחמא קב"ה דדחיל משה . . אמר קב"ה הנני עליך פרעה מלך מצרים התנין הגדול הרובץ בתוך יאוריו[35], וקב"ה אצטריך לאגחא בי' קרבא ולא אחרא, כמה דאת אמרת אני ה'".

כלומר: פרעה הוא שרש ומקור הקליפות, „התנין הגדול", אשר, התוקף שלו הוא עד כדי כך שאפילו משה הי' ירא ממנו[36], ולכן לא אמר לו הקב"ה „לך אל פרעה" (שילך לבדו), אלא „בא אל פרעה", שיבוא יחד עמו (עם הקב"ה) אל פרעה, והקב"ה מכניסו עמו אל פרעה בשביל להלחם עמו („לאגחא בי' קרבא") ולבטלו מכל וכל[37].

ויש לבאר הטעם שהזהר מפרש פירוש זה על הפסוק „בא אל פרעה" שבהתחלת

---

27) ויומתק יותר עפ"מ „אלה מסעי בני ישראל אשר יצאו מארץ מצרים" (ר"פ מסעי), „מסעי" לשון רבים, אף שהיציאה מארץ מצרים הוא רק בנסיעה ראשונה שנסעו מרעמסס לסוכות — דכיון שהתכלית דיציאת מצרים היא הכניסה לארץ, נחשבים שאר המסעות עד הכניסה לארץ כחלק מיציאת מצרים (ראה לקו"ש חכ"ג ע' 221. ועוד). ראה לקו"ש מסעי פח, ג ואילך).

28) שמות ג, יז.

29) וארא ו, ו-ח.

30) ר"פ בשלח.

31) שם יד, ל ובפרש"י.

32) ראה לקו"ש ח"ג ע' 878. ח"ו ע' 270. חכ"ב ע' 34.

33) שבו מודגש יותר האור (זהר — מלשון אור, כמ"ש והמשכילים יזהירו כזהר הרקיע) ד„תורה אור" בתכלית הגילוי.

34) זח"ב לד, א.

35) יחזקאל כט, ג.

36) ראה גם לקו"ת צו ח, ג-ד.

37) והטעם ש„ויאמר ה' אל משה בא אל פרעה" — כיון ש„נתתיך אלקים לפרעה", „שופט ורודה לרדותו במכות ויסורין" (וארא ז, א ובפרש"י), היינו, שהכח לשבור ולבטל הקליפה, שאין זה אלא ביכולת הקב"ה („אני ולא אחר") — ניתן למשה (ראה לקו"ש חט"ז ע' 74 ואילך. וש"נ).

פרשתנו, ולא על הפסוק „בא אל פרעה" שנאמר לפנ"ז בפרשת וארא[38]:

בפרשת וארא נאמר „בא אל פרעה" כהקדמה להדיבור לפרעה („בא אל פרעה ודברת אליו", „בא אל פרעה ואמרת אליו"), משא"כ בהתחלת פרשתנו נאמר „בא אל פרעה" [לא בתור הקדמה להדיבור לפרעה, שהרי לא נאמר בהמשך הכתוב „ודברת אליו" וכיו"ב, אלא] כענין בפ"ע: „ויאמר ה' אל משה בא אל פרעה", ותו לא[39].

ועל זה מבאר בזהר הפירוש ד„בא אל פרעה" (כאן) כענין בפ"ע — „דעייל לי' קב"ה אדרין בתר אדרין לגבי תנינא . . לאגחא בי' קרבא" — „בא אל פרעה" בשביל לפעול בו שבירה וביטול. ובלשון הכתוב: „למען שתי אותותי אלה בקרבו . . את אשר התעללתי במצרים ואת אותותי אשר שמתי בם"[40].

ועפ"ז יש לבאר הדיוק ד„עייל לי' קב"ה אדרין בתר אדרין" (חדרים לפנים מחדרים[41]) — כי, השבירה והביטול דפרעה צ"ל במקום שבו הוא עיקר הקביעות והתוקף שלו[42], ולכן, לא מספיק לילך אליו ולפגשו כש„יוצא המימה"[43] (וכיו"ב), אלא צריך לבוא לביתו[44], לארמון המלך,

---

38) בהתחלת הציווי ע"ד הדיבור לפרעה — „בא דבר אל פרעה מלך מצרים וישלח את בני ישראל מארצו" (ו, יא); בהתראה על מכת צפרדע — „בא אל פרעה ואמרת אליו גו' הנני נוגף את כל גבולך בצפרדעים" (ז, כו־כז); ובהתראה על מכת ערוב — „בא אל פרעה ודברת אליו כה אמר ה' גו' הנה יד ה' הוי' במקנך גו' דבר כבד מאד" (ט, א־ג). משא"כ בשאר המכות — „לך אל פרעה" (ז, טו), „התייצב לפני פרעה" (ח, טז. ט, יג). וצ"ע הטעם ע"ז דוקא (וראה בחיי שבשוה"ג להערה 44).

39) ומטעם זה הוצרך רש"י להוסיף ביאור בפשוטו של מקרא — „בא אל פרעה והתרה בו", כיון שבפסוק נאמר רק „בא אל פרעה", ותו לא (ראה בארוכה לקו"ש ח"ו ע' 57 ואילך. ושי"נ).

40) ולהעיר גם ממ"ש בפסוקים שלפנ"ז (וארא ז, ה) „וידעו מצרים* כי אני ה'" — ש„וידעו" הוא גם מלשון שבירה, כמו „וידע (ותבר) בהם את אנשי סוכות" (שופטים ח, טז ובפרש"י) — תו"א וארא נז, א. ובכ"מ.

41) פי' דרך אמת.

42) ובסגנון ההלכה: „קבוע לא בטל" (ראה כתובות טו, א). — ולהעיר, שאף שעיקר דין קביעות שייך בישראל דוקא (מצד שייכותם להקב"ה ותורתו), כיון שהקביעות האמיתית היא בקדושה דוקא, ה"ז נשתלשל גם באוה"ע, שמצינו אצלם חילוקי דינים ביחס לענין הקביעות, ולדוגמא: בנוגע להיתר דמצרי לבוא בקהל לאחר שעלה סנחריב ובלבל כל האומות ועירבם זב"ז, ד„אע"ג דבודאי מיעוטם נשארו במקומותיהם, והוי לי' קבוע וכל קבוע כמחצה על מחצה דמי, מ"מ, אותו שמתגייר ה"ה פורש מהם, וכל דפריש מרובא קפריש ומותרים מיד" (לבוש לשו"ע אה"ע ס"ד ס"י).

43) כבהתראה על מכת דם (ז, טו) ומכת ערוב (ח, טז). וראה שוה"ג להערה הבאה.

44) ראה בעה"ט ריש פרשתנו: „כשהי' אומר לו לבוא לביתו, הי' אומר לו בא, וכשהי' אומר לו לילך אליו המימה הי' אומר לו לך". ובחיי שם: „ענין בא אל פרעה . . שיכנס בהיכלו (ביתו) . . להורות על ענשו וגאוותו וגאונו כי הי' מתגאה . . בהיכלו, והוא שכתוב ויבוא אֶל ביתו, יאמר, כי מצד שנכנס להיכלו ונתגאה בו הי' בז לדברי משה ולא שת לבו גם לזאת . . משם (מביתו) באו אליו כל המכות ההם"*.

---

*) והטעם שבפרשתנו נאמר „וידעתם כי אני ה'" (ולא „וידעו מצרים") — כדי להדגיש שהשבירה והביטול דפרעה שייך להיציאה ממצרים דבנ"י, כדלקמן בפנים.

*) ועפ"ז מבאר סדר ההתראות על כל שלש מכות, דצ"ך עד"ש באח"ב (שתים בהתראה והשלישית שלא בהתראה), ששתי ההתראות שבכל חלוקה, הראשונה היתה על היאור („הנה יוצא המימה") והשני' בהיכלו („בא אל פרעה"), דם על היאור וצפרדע בהיכלו, ערוב על היאור ודבר בהיכלו, ברד על היאור וארבה בהיכלו — דכיון שהי' מתגאה בשניהם, ביאורו ובהיכלו, „על כן היו

וכארמון המלך גופא בחדרים הפנימיים (חדרים לפנים מחדרים) שבארמון המלך, ששם עיקר דירתו (הקביעות והתוקף שלו), ועי"ז שנעשה השבירה והביטול בארמון המלך ובחדרים הפנימיים שבו, מתבטל הקביעות והתוקף שלו, עיקר מציאותו, ובדרך ממילא מתבטלים שאר הענינים הטפלים[45].

[וענין זה מודגש גם בהשבירה והביטול בפועל (במכת בכורות) — "ויקם פרעה לילה (ולא כדרך המלכים בשלש שעות ביום) הוא וכל עבדיו (הוא תחלה ואח"כ עבדיו מלמד שהי' הוא מחזר על בתי עבדיו ומעמידן) וגו' ויקרא למשה ולאהרן (מגיד שהי' מחזר על פתחי העיר וצועק היכן משה שרוי היכן אהרן שרוי) ויאמר קומו צאו מתוך עמי וגו'"[46] — שתמורת הקביעות והתוקף דפרעה בהיותו בחדרים הפנימיים שבארמון מלכותו נעשה מצב דהיפך הקביעות והתוקף, שהוכרח לטלטל את עצמו ממקום למקום, "מחזר על בתי עבדיו ומעמידן", "מחזר על פתחי העיר וצועק היכן משה שרוי", בידעו שבהטלטול ממקום למקום (ביטול הקביעות והתוקף) תלוי המשך קיום מציאותו[47], כהמשך וסיום הענין: "וברכתם גם אותי", "התפללו עלי שלא אמות כו'"[48]].

45) ויש לומר, שאצל בני־נח מודגש יותר ביטול הענינים הטפלים להענין העיקרי, כמו ביטול ברוב*, כיון שאצלם אין צורך בשיעור מסויים, אלא מספיק (רוב ב)כל שהוא (שלא ניתנו השיעורין אלא לישראל בלבד (רמב"ם הל' מלכים פ"ט ה"י)).

46) יב, ל־לא ובפרש"י.

47) לאו דוקא כתור מלך מצרים, אלא בתור מציאות סתם, (אדם) חי.

48) שם, לב ובפרש"י.

ההתראות כולן מתוך יאורו והיכלו ומהם משפטו כו'".

*) להעיר מהשקו"ט בדין ביטול ברוב בבני־נח (ראה שד"ח כרך ח' ע' 3216 ואילך. וש"נ).

ועפ"ז מובן שגם הדגשת התוקף דפרעה ב"בא אל פרעה" (כנ"ל ס"ב) הוא חלק מהשבירה והביטול דפרעה, כי, עיקר השבירה והביטול היא במקום ומצב שבו הוא הקביעות והתוקף דפרעה.

ה. ונקודת הענין — שבפרשת "בא אל פרעה" מתחיל (עיקר ה)ענין השבירה והביטול דפרעה:

"בא אל פרעה" שבהתחלת פרשתנו הוא לא (רק) בשביל לפעול עליו להוציא את בנ"י ממצרים (כבפסוקים שלפנ"ז, "בא אל פרעה ואמרת אליו כה אמר ה' שלח את עמי ויעבדוני"[49]), אלא (גם ובעיקר) בשביל השבירה והביטול דפרעה ("דעייל לי' אדרין בתר אדרין . . לאגחא בי' קרבא") כענין בפ"ע.

וגם השבירה והביטול דפרעה כענין בפ"ע (לא בשביל לפעול עליו להוציא את בנ"י ממצרים) הוא חלק מיציאת מצרים, שלכן נאמר "בא אל פרעה" ב(התחלת ה)פרשה דיצ"מ, ולא עוד אלא שכל הפרשה דיצ"מ נקראת "בא אל פרעה", שמזה מובן ש"בא אל פרעה" הוא תוכן ועיקר הענין דיציאת מצרים, כדלקמן.

ו. ויש לבאר זה בהקדם הביאור בכללות הענין דגלות ויציאת מצרים כהקדמה לירושת הארץ — כמש"נ לאברהם אבינו בברית בין הבתרים "ידע[50] תדע כי גר יהי' זרעך בארץ לא להם ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה וגם את הגוי אשר יעבודו דן אנכי ואחרי כן יצאו ברכוש גדול גו' ודור רביעי ישובו הנה גו' לזרעך נתתי את הארץ הזאת וגו'":

רצונו של הקב"ה שירושת הארץ תהי' ע"י עבודתם של ישראל בכח עצמם[51] (ולא

49) וארא ז, כו.

50) לך לך טו, יג ואילך.

51) ובלשון חז"ל — "נעשה שותף להקב"ה

באופן של „נהמא דכיסופא"[52]), היינו, ש־ישראל יעשו מ„ארץ" מלשון ארציות ש־תהי' „ארץ ישראל", „ארץ" — „שרצתה לעשות רצון קונה"[53], ו„(ארץ) ישראל" — שניכר בה שייכותה לישראל, „כי תהיו אתם (לי) ארץ חפץ"[54], „בבת עינו" של הקב"ה[55], שלכן, „תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[56], שבזה נכלל גם הענין דראיית אלקות בעניני הארץ[57] (ע"ד „מבשרי אחזה אלקה"[58]), ועד שממשיכים ופועלים הענין דארץ ישראל בכל העולם כולו, ובלשון חז"ל[59] „עתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל הארצות", ש־בכל העולם כולו יראו בגילוי כח הפועל האלקי בנפעל[60], כמ"ש[61] „ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר גו'", ועד שרואים שיש הנברא[62] הוא חד עם יש האמיתי[63].

וענין זה נעשה ע"י הקדמת גלות מצרים — „כי גר יהי' זרעך בארץ לא להם":

„ארץ לא להם" היא ארץ שאינה שייכת לישראל, ויתירה מזה, ארץ שמנגדת ל־ישראל — ארץ מצרים, ע"ש שהיא „מצירה לישראל"[64], להיותה „ערות הארץ"[65], „מקולקלים מכל האומות"[66], תחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ואעפ"כ, גם בירידתם לארץ מצרים נעשה אצלם מעמד ומצב ד„ויחי יעקב"[67], חיים אמיתיים דיעקב.

ויתירה מזה, שפועלים גם הבירור ד־מצרים — בב' אופנים כלליים: (א) בירור ניצוצות הקדושה, כמ"ש[68] „וגם ערב רב[69] (תערובות אומות של גרים[70]) עלה אתם",

---

במעשה בראשית" (שבת יו"ד, א. ושי"נ), ויתירה מזה, ש„הקב"ה (רק) עוזרו" (סוכה נב, רע"ב. ושי"נ), היינו, שהעיקר נעשה על ידו.

52) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו, ז רע"ד. ובכ"מ.

53) ב"ר פ"ה, ח.

54) מלאכי ג, יב.

55) כמ"ש (זכרי' ב, יב) „הנוגע בכם כנוגע בבבת עינו". וראה לקמן סי"ב.

56) עקב יא, יב.

57) ומודגש גם בהשפעה בענינים גשמיים — ש„אין ארץ ישראל חסרה כלום שנאמר (שם ח, ט) ארץ אשר לא במסכנות תאכל בה לחם לא תחסר כל בה" (ברכות לו, ב. ושי"נ), ולא עוד אלא שניכר שההשפעה היא מלמעלה — „למטר השמים תשתה מים" (שם יא, יא), „שיהיו הכל תולין עיניהם כלפי מעלה" (ב"ר פי"ג, ט), „נשואות אליו (להקב"ה) למפתח גשמים שבידו" (בחיי שם, יז), משא"כ שאר הארצות, שנוסף לכך ש„אינו דורש אלא אותה וע"י אותה דרישה הוא דורש את כל הארצות עמה" (פרש"י שם, יב), „מתמציתה שותה כל העולם", הרי, „א"י משקה אותה הקב"ה בעצמו וכל העולם כולו ע"י שליח" (שרי אומות שלמעלה ומזלות שלהם (תענית יו"ד, א ובחדא"ג מהרש"א)).

58) איוב יט, כו.

59) ראה פסיקתא רבתי פ' שבת ור"ח. יל"ש ישעי' רמז תקג. לקו"ת מסעי פט, ב ואילך. ובכ"מ.

60) ראה תו"ח שמות תפב, א. שער האמונה ספכ"ז. ועוד.

61) ישעי' מ, ה.

62) שהתהוותו מ„מהותו ועצמותו של המאציל ב"ה שמציאותו הוא מעצמותו ואינו עלול מאיזה עילה שקדמה לו ח"ו, ולכן הוא לבדו בכחו ויכלתו לברוא יש מאין ואפס המוחלט ממש כו'" (אגה"ק ס"כ).

63) ראה ביאוה"ז בשלח מג, ג.

64) ראה ב"ר פט"ז, ד.

65) מקץ מב, ט. שם, יב. וראה קה"ר פ"א, ד (בסופו).

66) ספרי ופרש"י אחרי יח, ג. וראה רמב"ם הל' מלכים פ"ה ה"ח.

67) ר"פ ויחי.

68) פרשתנו יב, ח.

69) „רב" — ר"ב (מרפ"ח) ניצוצות שנפלו למטה ונתבררו בגלות מצרים (תו"א פרשתנו ס, ג. ובכ"מ).

70) להעיר ממארז"ל (פסחים פז, ב) „לא הגלה הקב"ה את ישראל לבין האומות אלא כדי שיתוספו

**וכן בירור ניצוצות שבדברים הגשמיים, כמ"ש[71] "וישאלו ממצרים כלי כסף וכלי זהב ושמלות גו' וינצלו את מצרים", "כמ־צודה שאין בה דגן וכמצולה שאין בה דגים"[72], (ב) (שבירה ו)ביטול דהעניינים ה־בלתי־רצויים שאי־אפשר לבררם ולהע־לותם לקדושה[73], ו"שבירתן זוהי טהר־תן"[74], ולא עוד אלא שעי"ז ניתוסף שלי־מות בקדושה, ע"ד מארז"ל בנוגע לצור וירושלים "אם מלאה זו חריבה זו"[75], "לא נתמלאה צור אלא מחורבנה של ירו־שלים"[76], ועד"ז להיפך, שע"י "חורבנה של צור" ניתוסף בהמילוי (שלימות) דירו־שלים[77], כיון שעי"ז מתגלה תוקף הקדושה באופן שאין מקום למציאות של מנגד, שנתבטל ממציאותו לגמרי[78].**

[**ויש לומר** שמעין ודוגמת **ב' אופני ה־בירור ישנו גם** בהמכות **עצמם: (א) "בא אל פרעה ואמרת אליו כה אמר ה' שלח את עמי ויעבדוני ואם מאן אתה לשלח הנה אנכי נוגף וגו'" — שכוונת המכות היא כדי לפעול על פרעה** שהוא **ישלח את בנ"י ממצרים — ע"ד ובדוגמת בירור ניצוצות הקדושה שבמצרים, "וינצלו את מצרים", (ב) "בא אל פרעה כי אני הכבדתי את לבו ואת לב עבדיו למען שתי אותותי אלה בקרבו ולמען תספר גו' את אשר הת־עללתי במצרים ואת אותותי אשר שמתי בם" — כוונת המכות בשביל השבירה וה־ביטול דמצרים[79], שעי"ז ניתוסף שלימות בקדושה, "וידעתם כי אני ה'"].**

**ולאח"ז נעשית היציאה ממצרים ("ואח־רי כן[80]** יצאו"[81]) — שיוצאים לגמרי ממצב**

---

עליהם גרים", שהו"ע בירור הניצוצות (תו"א בראשית ו, רע"א. ר"פ לך לך. ובכ"מ).

71) שם, לה־לו.

72) ברכות ט, ב.

73) וי"ל שבזה גופא ב' אופנים: (א) שבירת וביטול הקליפה לאחרי שנשלם בירור ניצוצות הקדושה שיכולים להעלותם לקדושה — סדר העבודה ע"ד הרגיל, (ב) שבירת וביטול הקליפה לפני (גמר) בירור ניצוצות הקדושה — שלזה צריך כח מיוחד, "להאבידם בעודם בשלימותם שלא נתבררו עדיין אין זה . . רק ביכולת ה' . . כל יכול להאביד את הרשעים לגמרי גם בעודם בשלימותם . . וניתן כח למשה לשוברו בעודו בתקפו ובשלימותו . . לרדותו במכות גם כשלא נתברר וליקח ממנו את הטוב"* (ראה סה"מ עזר"ת ע' קלג).

74) כלים רפ"ב.

75) מגילה ו, סע"א.

76) פרש"י תולדות כה, כג.

77) להעיר מהביאור במארז"ל (ברכות נח, סע"א) "והנצח זו בנין* ירושלים" — שבנין ירושלים הוא ע"י מדת הנצחון להכניע לשבור ולבטל את המנגד (ראה תו"ח שמות (שלב, סע"ב). ושם (שלז, סע"א), שזהו"ע האותות והמופתים שהיו במצרים).

78) ראה לקו"ש ח"ה ע' 67 הערה 77, שהעילוי שע"י שבירת הקליפות הוא גדול יותר מהעילוי שע"י בירור ניצוצות הקדושה שבהם.

79) ולא כדי לפעול על פרעה שיסכים לשלוח את בנ"י ממצרים — שהרי פרעה הי' כבר מסכים לשלוח את בנ"י, אלא שהקב"ה הכביד את לבו שלא יסכים לשלחם כדי להוסיף לו עוד מכות, לצורך השבירה והביטול דמצרים.

80) לאחרי ש"את הגוי אשר יעבודו דן אנכי" (שבירת וביטול המנגד), אף שלכאורה יכולים לדונם גם לאחרי יציאת בנ"י ממצרים.

81) כולל גם היציאה דניצוצות הקדושה שהיו במצרים — "יצאו ברכוש גדול", שקאי על ניצוצות הקדושה (ראה לקו"ש חכ"א ע' 80. ושנ"נ).

---

*) ועפ"ז יומתק שלאחרי השבירה והביטול דפרעה (במכת בכורות) ניתוסף עוד יותר בבירור ניצוצות הקדושה — שהשאילום "אף מה שלא היו שואלים מהם . . אתה אומר אחד טול שנים ולך" (כנ"ל בשוה"ג להערה 5).

*) כ"ה (בנין ירושלים) בתו"ח ועוד, אבל ב־ברכות שם: "והנצח זו ירושלים". ואולי י"ל שההוספה "זו בנין ירושלים" היא ע"פ מ"ש לפנ"ז "והנצח זו מפלתה של רומי", כיון שמחורבנה (מפלתה) של רומי — ע"י מדת הנצחון — נבנית ירושלים.

געווען אין תיבה „בסוף על שפת היאור", בסמיכות צו מקום ע"ז (נאָך נידעריקער פאַר „איש" „מחציו ולמטה"), אָבער באופן אַז ער איז געווען באַשיצט דורך דער תיבה, און בפשטות איז די תיבה געווען פתוחה מלמעלה[134], ד.ה. אַז משה איז זייענדיק אין תיבה געווען גלוי כלפי שמיא, און זייענדיק דאָרט איז „ראתה (אפילו נאָך זייענדיק בת פרעה) עמו שכי־נה"[135], און דערנאָך „מן המים משיתיהו" בת פרעה דוקא, און ער איז אויפגע־וואָקסן אין בית פרעה מלך מצרים[136] — האָט דאָס געגעבן משה'ן דעם כח, אַז ער זאָל דערנאָך קענען צוברעכן די קליפה וע"ז פון מצרים, און פון דאָרט אויסלייזן אידן.

קומט אויס אַז אין דעם פסוק „תפלה למשה איש האלקים" איז כלול אויך אַ דריטער ענין (נוסף אויף דער עבודה פון „איש האלקים" (גילוי אלקות בערך הברי־אה), און „משה" (גילוי שם הוי' שלמעלה מן הבריאה)) די עבודה פון בירור התחתון שאין תחתון למטה ממנו. וי"ל אַז דאָס איז מרומז אין דעם ענין פון „תפלה למשה"[137], כמבואר אין חסידות[138] אַז דאָס איז תפלת עשיר, פאַרבונדן מיט עצמותו ית', שלמע־לה פון הוי' און אלקים (סובב און ממלא) והמחבר שניהם יחד, וואָס בכח העצמות (שלמעלה לגמרי פון מציאות העולם און פון שלילת מציאות העולם) ווערט נמשך אלקות בכל העולם ובכל הדרגות שבו, ביז אין תחתון שאין תחתון למטה ממנו.

ווי דאָס וועט זיין בשלימות בגאולה האמיתית והשלימה, ווען „ואת רוח ה־טומאה אעביר מן הארץ"[139], און „לא יהי' שם לא מלחמה כו', ולא יהי' עסק כל העולם אלא לדעת את ה' בלבד"[140] — דער גילוי פון „ויהי נועם ה' אלקינו עלינו", עלמא דאתי איקרי נועם[141], תענוג העצ־מי[142] (ביז דאָס ווערט נמשך אין) „ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו", כסיום המזמור[143].

---

134) שהרי בודאי היו נקבים בהתיבה לכניסת אויר, ואם כן, למה הטרחא לעשות סתימה ובה נקבים, כשדי להבטיח שנענוע הגלים לא יפילוהו מתוך התיבה ע"י סתימת רוב גג התיבה. וכפשט הכתוב („ותפתח ותראהו גו'" — שמות ב, ו) שרצתה לראותו ופתחה חלק התיבה שמנע הראי'.

135) פרש"י שמות שם.

136) שם, י.

137) היינו שבבחי' משה ב' ענינים: (א) גילוי שם הוי', עלמא דאתכסיא, אלקות שלמעלה מעולם. (ב) „משה" (הוי') כפי שהוא בדרגת „תפלה למשה", מלשון תפל ומחובר לעצמותו ית'. ואולי י"ל שזהו ע"ד הב' דרגות בהוי': (א) בחי' שם הוי', (ב) כפי שהוא למעלה מכל ענין של שם (ראה ס' הליקוטים דא"ח־צ"צ ערך הוי' בתחלתו. וש"נ).

138) ד"ה תפלה למשה תר"ס. תשכ"ט.

139) זכרי' יג, ב.

140) רמב"ם בסיום וחותם ספרו.

141) זח"א קצז, ב.

142) מאמרי אדה"ז על פרשיות התורה ח"א ע' תיא. שע"ת ד"ה אם יהי' נדחך פכ"א.

143) ויש לומר שע"ד התוכן דמזמור „תפלה למשה" — תחלתו וסיומו — הוא גם בספר הרמב"ם* (ששמו משה, וידוע הפתגם ממשה ועד משה לא קם כמשה): בתחלת ספרו — „יסוד היסודות ועמוד החכ־מות" ר"ת הוי'** (כמ"ש נכדו ר' דוד הנגיד — סה"ד שם. שה"ג להחיד"א מע' רמב"ם. וראה גם „פירוש" לריש הל' יסוה"ת) (וגם ממשיך אח"כ „ואמת הוי' לעולם"), „לידע שיש שם מצוי ראשון", „אמיתת

---

*) ולהעיר שיום הולדת שלו הוא בערב פסח (סה"ד ד"א תתקכז).

**) ומהיו"ד ד„יסוד" (כנגד היו"ד דשם הוי') נמשך התיבה „(י)סוד", בגימטריא שבעים, כנגד בירור העולם, שבעת ימי הבנין (בחי' אלקים), וגם שם ממשיכים ומגלים אלקות דבחי' סתום (שלמעלה מהבריאה), ע"י „נכנס יין (בגימטריא שבעים) יצא סוד" (עירובין סה, סע"א), שזהו הגילוי דפנימיות התורה (וע"ד מעשה מרכבה — בפרקים הראשונים דספר הרמב"ם).

יב. עפ"ז יש לומר דער רמז אין דעם מזמור צדי"ק (בהוספת ק' נאָך צדי"):

ס'איז ידוע דער פירוש[144] אין „בה"א נברא העולם הזה"[145], אַז עולם איז באַשאַפן געוואָרן בה"א, וועלכע האָט דריי קוים, כנגד די דריי דרגות אין עולם — בריאה יצירה עשי', מחשבה דיבור ו־מעשה: דער גג ורגל ימיני (המחוברים) זיינען כנגד מחשבה ודיבור, און דער רגל השמאלי הנפסק איז כנגד עשי', אויף וועלכע עס שטייט „אף עשיתיו"[146], אף המפסיק.

וויבאַלד אַז „עולם על מילואו נב־רא"[147], איז מובן אַז אע"פ וואָס עוה"ז איז באַשאַפן געוואָרן בה"א, אַז ס'איז דאָ אַ הפסק פאַר עולם העשי' (ד.ה. אַ העלם והסתר וואָס איז מעלים אויף איר חיבור מיט די העכערע עולמות) — איז דאָס אָבער על מילואו, באופן ווי דער איבער־שטער האָט עס באַשאַפן בשם אלקים, אַז ס'איז דאָ אַ וועלט וואָס איז מעלים אויף אלקות. און די עבודה אין דעם עולם באַשטייט פון „צד"י"[148] — בוחר זיין אַז תומ"צ איז דער צד פון אַ אידן, כנ"ל.

דערנאָך איז דאָ די עבודה פון ק' (דקדושה) — אַז מ'דערגרייכט אויך אין דעם אָרט (שנעשית ע"י החטא), אַז פון דעם אות ה' זאָל ווערן אַן אות ק', וואָס איר רגל השמאלי איז יורד למטה מן השורה, למטה פון דעם אָרט ווי דער אויבערשטער האָט די וועלט באַשאַפן לכתחילה. און די כוונה אין דעם איז — „אשר ברא אלקים לעשות, לתקן"[149], ווערן אַ „שותף להקב"ה במעשה ברא־שית"[150], און מברר זיין אויך דעם אָרט, ווי משה האָט אויפגעטאָן (כנ"ל) — וואָס אין דעם באַשטייט שלימות העבודה פון אַ „צדי"ק", אַז ער איז ממשיך פון „צד"י" (אַז תומ"צ איז זיין צד) אויך אין ק'[151] למטה מן השורה[152].

יג. ע"פ כל הנ"ל איז פאַרשטאַנדיק פאַרוואָס דוקא משה איז גואלם של

---

המצאו" (עצמותו ית'). ובסיום ספרו — בהל' משיח, הקשור עם הגילוי ד„נועם" (עלמא דאתי), ובזה גופא — ב' תקופות: שלא יהי' שינוי הטבע כ"א ביטול שעבוד מלכיות בלבד (גילוי אלקים בגימטריא הטבע), ובתקופה שני' נסים למעלה מטבע — כנרמז בסיום הספר „כמים לים מכסים". כמבואר במ"א (הדרן על הרמב"ם לעיל ע' 98 ואילך).

144) ראה לקו"ת ר"פ בלק (סז, א ואילך). תו"א מג"א צה, סע"ב ואילך. סה"מ תר"ן ע' רעט ואילך. תרנ"ח ע' ריב. הש"ית ע' 122. סה"מ קונטרסים ח"א רמא, א ואילך.

145) מנחות כט, ב.

146) ישעי' מג, ז.

147) ראה ב"ר פי"ב, ו. פי"ד, ז. פי"ג, ג.

148) וי"ל ש„ד"י" (מתיבת „צד"י") הם כנגד אות ה', שהוא ד' עם י' (רגל השמאלי). וזה בא לאחרי אות צ' שהוא נ' (כפופה) וי' בימינו, שמרמז על העבודה בקדושה ורשות, דאף שנ' ר"ת נפילה, ה"ז נ' כפופה (שאינו יורדת למטה מן השורה), וזהו הירידה בשם אלקים, וצורך עלי' לבחי' נ' ר"ת נשיא, עד לגילוי שער הנ'. ומרומז גם בזה ש„צדי" „הוא מלשון וצודה לי ציד" (מגן דוד שם), בירור ה„ציד" (המותר) דעולם הזה.

ועי"י הירידה נוספת למטה מן השורה, באות ק' (ע"ד ן' פשוטה), נעשית עלי' שלא בערך, ע"ד משה (ש„מן המים משיתיהו", ממקום של ע"ז), שבכחו לברר גם למטה מן השורה.

149) בראשית ב, ג .

150) ל' חז"ל — שבת י, א. קיט, ב.

151) וע"ד ההוספה בצדי"ק לגבי פ"א בפסוקי „תהלה לדוד" (שע"פ סדר הא"ב) — „פותח את ידיך ומשביע לכל חי רצון, צדיק ה' בכל דרכיו וחסיד בכל מעשיו": אף שגם ב„פותח גו'" מודגשת ה־פעולה וההשפעה בעוה"ז (ע"ד באות ה'), שזהו"ע „משביע לכל חי" — הרי ההשפעה היא ביד ימין (ראה יהל אור ע' תקנה): וב„צדיק גו'" מרומזת ההשפעה גם ביד שמאל, למטה מן השורה.

152) וע"ד משיח אתא לאתבא צדיקיא בתיובתא (ראה לקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש ג, ב).

ישראל, בגאולת מצרים, און גואל ראשון הוא גואל אחרון — וואָרום זייענדיק בדרגת „תפלה למשה איש האלקים" האָט ער בכח צו ממשיך זיין גאולה — גילוי כח הבלי גבול — אין וועלט, און אויסלייזען אידן פון אַלע מיצרים וגבולים, ביז אויך פון קליפת וע"ז של מצרים, ובכח זה — אויך די גאולה האמיתית והשלימה, וואָס „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפל־אות", ניט נאָר נסים המלובשים בטבע (אלקים), נאָר אויך נסים גלויים שלמעלה מדרך הטבע לגמרי, ביז נפלאות,

און עס וועט זיין אַ גאולה שאין אחרי' גלות, באופן אַז כל העולם כולו וועט זיין אַ דירה לו יתברך, דירת קבע ונצחי, לעד ולעולמי עולמים.

יד. דערמיט קען מען אויך מבאר זיין דעם תוכן פון דעם „נס גדול" בשבת הגדול, און דער קשר מיט שבת דוקא:

דעם נס פון „למכה מצרים בבכוריהם", אַז דער תוקף פון לע"ז עצמו (בכורי מצרים) שלאָגט מצרים, ארץ מלאה גילו־לים[153] — דער בירור פון דעם ק' (למטה מן השורה) — ווערט אויפגעטאָן דורך אַ גילוי הכי נעלה פון אלקות, העכער ווי די נסים וואָס האָבן פאַסירט מיט אידן אַליין (אָדער די נסים וואָס דער אויבערשטער האָט געמאַכט). ביז אַז דאָס ברענגט אַרויס נאָכמער דער כח נצחי וכח הבלי גבול פון אלקות, אַז דאָס דערגרייכט אפילו במקום זה.

דעריבער ווערט דוקא דאָס אָנגערופן „נס גדול", און דוקא דאָס ווערט די „התחלת גאולה ונסים" פון גאולת מצרים.

און דאָס איז נקבע געוואָרן דוקא ב־שבת, וואָרום שבת איז פאַרבונדן מיט דער גאולה נצחית — יום שכולו שבת ומנוחה לחיי עולמים (כנ"ל ס"ז), ועסקא דשבתא כפול, וואָס כפל איז אויך פאַר־בונדן מיט גאולה; און דעריבער, אין דעם שבת ווען עס האָט פאַסירט דער „נס גדול" פון „למכה מצרים בבכוריהם" — מאַכט עס איבער דעם גאַנצן שבת, אַז עס ווערט אַ „שבת הגדול". [און דעריבער האָט דער שבת אויך בכח צו מברך זיין חג הפסח, כנ"ל ס"א].

ולהוסיף, אַז בקביעות שנה זו (ובכמה שנים) קומט אויס שבת הגדול בשבת פ' צו, „אין צו אלא לשון זירוז מיד ולדו־רות"[154], וואָס אונטערשטרייכט נאָכמער גילוי ענין הנצחיות למטה — בכח זה וואָס דער אויבערשטער זאָגט אָן צו משה רבינו: „צו אל אהרן", און דורך אהרן קומט עס אָן צו יעדער איד (וואָרום אהרן איז אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות ומקרבן לתורה[155]), אַז ער האָט דעם ציווי און אומבאַגרענעצטען נתינת כח פון דעם אויבערשטן, סיי אין הווה (מיד) און סיי אין עתיד (לדורות):

„מיד" — עס איז ניטאָ ביי אים קיין שטערונג אָדער אפילו אַן אָפּהאַלט צו קענען דורכפירען דעם ציווי גלייך, ווייל ער איז אַריינגעטאָן אין דעם אינגאַנצען, ביז אַז דאָס איז זיין לעבן, דורך און דורך; ולדורות — דאָס ווערט פאָרגע־זעצט, און אין דעם זעלבן אופן פון זריזות, אויך ביי די קומענדיקע דורות — ל' רבים; און ווען ס'איז דאָ די חזקה פון דריי דורות (פון אים און נאָך צוויי דורות), ווערט עס אַן ענין נצחי אויף אַלע דורות, אַז יעדע פעולה וואָס ער טוט זאָל זיין באופן פון „מעשה ידינו כוננהו"[156].

153) פרש"י וארא ט, כט.

154) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ.

155) אבות פ"א מי"ב.

156) ראה מכתב ה' ניסן ש.ז (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). ושי"נ.

טו. האמור לעיל איז נאָכמער בהדגשה געפינענדיק זיך אין חודש ניסן פון היינטיקן יאָר „הי' תהא שנת נפלאות אראנו", און ווי גערעדט (אויך אין די מכתבים כלליים) וועגן די נסים ונפלאות וועלכע האָבן פּאַסירט דעם יאָר (נאָענט צו דעם היינטיקן פורים), אַז ס'איז בטל געוואָרן אַ מנגד צו אידן, ביז אַז דער נצחון האָט געבראַכט דערצו, אַז דער שונא זאָל באַפרייען, אין אַ גוטן אופן, אַ טייל פון די מלחמה־געפאַנגענע וכו', ווי גערעדט אויספירלעך פריער.

און זיכער וועט דער אויבערשטער ממשיך זיין ווייזן נסים ונפלאות, ביז — ועיקר — „אראנו נפלאות" בגאולה האמיתית והשלימה,

וואָס די מלחמות אין יענעם טייל וועלט („מלך פרס" מיט „מלך ארם") זיינען פון די סימנים אַז אָט קומט די גאולה ע"י משיח צדקנו, ווי עס שטייט אין ילקוט שמעוני[157], און ווי ער זאָגט דאָרט, אַז „בני אל תתיראו . . הגיע זמן גאולתכם", און „מלך המשיח עומד על גג ביהמ"ק והוא משמיע להם לישראל ואומר, ענוים הגיע זמן גאולתכם"!

טז. פון דעם אַלעם האָט יעדער איד אַ הוראה אין זיין אייגענע עבודה:

שטייענדיק אין שנת נפלאות אראנו, און אין דעם גופא — בחודש ניסן, און בתוך השבוע פון חג הפסח, זמן חירותנו, און אין אָנבליק פון די געשעענישן און נסים — וואָס זיינען גלויים לעיני בשר, לעיני כל העמים —

דאַרף דאָס אַרויסרופן ביי אַ אידן נאָכמער רצון און כחות צו טאָן זיין עבודה באופן פון נס, ביז נסי נסים — ס'איז ניט גענוג ער זאָל זיך אויפהויבן פון זיין ביז־איצטיקער געוואוינהייט אין לימוד התורה וקיום המצוות בהידור, נאָר ער דאַרף שטייגן אין דעם אַלץ העכער און העכער, „ילכו מחיל אל חיל"[158], ביז ער דערגרייכט דעם אמת'ן „נס גדול" פאַרבונדן מיט „גדול הוי' ומהולל מאד"[159].

און מ'האָט אויף דעם אַ נתינת כח מיוחדת פון מזמור צדי"ק, „תפלה למשה איש האלקים", „ויהי נועם ה' אלקינו עלינו ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו" — אַז „תשרה שכינה במעשה ידיו",

און משה גיט כח יעדן אידן — בפרט דורך בחי' משה שבו (וואָס ווירקט אויף זיין עבודה בפועל) — ער זאָל מגלה זיין אין זיך דעם „צדיק" שבו, „ועמך כולם צדיקים"[160], ווי ער איז פאַרבונדן מיט „צדיק ה' בכל דרכיו"[161], און דורך דעם — טאָן בשלימות זיין עבודה פון „צד"י", זיך אינגאַנצן איבערגעבן צו דעם צד פון תורה, אַזוי אַז דאָס ווערט „צדי" אינגאַנצן (אַזוי אַז ס'איז ניטאָ קיין אָרט אויף אַ קס"ד פון נאָך אַ צד), סיי בנוגע צו זיך אַליין, און סיי בנוגע צו השפעה אויף אַנדערע אידן, בהפצת התורה והיהדות והפצת המעינות חוצה, און אויך — משפיע זיין אויף אוה"ע בנוגע צו זייערע שבע מצוות[111],

— און אין דעם קומט מען צו נוצען נאָך אַ געשעניש להוספה בעבודת השם: בהשגחה פרטית, איז בימים אלו אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ החלטה מספר 104 — גימטריא צד"י[162] — פון דעם בית הנבחרים פון דער

157) ישעי' רמז תצט.

158) לשון הכתוב — תהלים פד, ח.

159) תהלים מח, ב.

160) ישעי' ס, כא.

161) תהלים קמה, יז.

162) והרי כל דבר הוא בהשגחה פרטית. — ולהעיר מהנהגת גדול א' שהי' לומד הוראה אפילו ממספר הרכבת שבה הי' נוסע!

מדינה (די באַ־כח פון המדינה כולה), וואָס האָט דעם כח פון דינא דמלכותא דינא[163] — בקשר מיט קובע זיין היי יאָרי־גען „עשתי עשר יום"[164] לחודש ניסן אַלס אַ טאָג געווידמעט במיוחד צו פאַר־שטאַרקן חינוך הטוב א.ז.וו. — יסודות אין ישוב העולם פאַר כל תושבי המדינה וכל תושבי העולם —

און טאָן דאָס ביז אין אַן אופן פון „צדיק", דערגרייכן אויך אין חוצה שאין חוצה ממנה.

והדגשה מיוחדת בענין שהזמן גרמא[165]: צושטעלן אַלע צרכי החג צו די וואָס דאַרפן דערצו אָנקומען — די צרכי הסדר (מצות, ד' כוסות וכו'), און צרכי יום טוב בכלל (בגדי יום טוב, ומאכלי יום טוב), וכיו"ב.

ויש לעורר אויף נאָך אַן ענין בקשר עם זה: אין די ערטער וואו מ'פראַוועט סדרים ציבוריים וכלליים — זיינען דאָ כמה מקומות וואו מ'האָט געמאַכט הכנות צו פראַוועט נאָר איין סדר (צוליב דעם וואָס עס פעלט געלט וכיו"ב). ונחוץ וכדאי ביותר, אַז מ'זאָל זיך משתדל זיין ביותר מאַכן ביידע סדרים, על כל פנים — טיילן די הוצאות אויף ביידע נעכט, ובודאי — וועט מען דערצו ניט דאַרפן אָנקומען, ווייל דער אויבערשטער וועט זיכער בענטשן און צושטעלן צו די עוסקים בזה כל המצטרך, און נאָכמער דערפון.

ויהי רצון אַז עס זאָל שוין מקויים ווערן די שלימות התפלה פון משה און פון משה שבכאו"א מישראל — „תפלה למשה איש האלקים" — „ויהי נועם ה' אלקינו עלינו", „תשרה שכינה במעשה ידיכם", אין מעשינו ועבודתינו במשך זמן הגלות, און תיכף ומיד ממש דעם עיקר — אין דעם בית המקדש השלישי, „מקדש אד' כוננו ידיך".

---

163) גיטין י, ב. ושי"נ.

164) לשון הכתוב — נשא ז, עב.

165) ראה שו"ע אדה"ז או"ח ריש הל' פסח סתכ"ט ס"ה.

## ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנ"ש שיחיו שברכו אותו
## אור ליום ג', י"א ניסן ה'תנש"א
### לאחרי תפלת ערבית

א. כשם ווי אין תורה איז דער סדר אַז „במה שסיים כו' פתח להם כו'"[1] — אַזוי דאַרף אויך זיין באַ אידן, אַז „במה שסיים" ווערט דערנאָך דער המשך און התחלת ופתיחת הענין שלאחרי זה באופן של פעו־לה נמשכת (ביז — על כל השנים כולם)[2].

אַזוי ווי מ'האָט איצטער מסיים געווען[3] מיט „ואני אברכם"[4] — איז „פתח להם" אויך מיט דעם ענין:

„ואני אברכם": דער אויבערשטער זאָגט אין תורה (ואין מקרא יוצא מידי פשוטו[5]), אַז ער אַליין וועט בענטשן את כל המברכים[6], ובברכתו של הקב"ה — מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה[7], אָן קיין מדידה והגבלה במקום ובזמן, במילא קומט עס אָן תיכף ומיד ממש[8], און צוזאַמען דערמיט איז „ואני אברכם" — ווי דאָס איז למעלה ממדידה והגבלה (פון „אני", דער אויבערשטער אַליין) ווערט עס נמשך (ברכה מלשון המשכה[9]) צו אידן למטה, און באופן פון „אברכם" (סתם, בלי פרטים) וואָס איז — אַלע ברכות, צו יעדער אידן און צו אַלע אידן[10], סיי בענינים כלליים סיי בענינים פרטיים, ביז פרטי פרטים.

דאָס הייסט אַז „ואני אברכם" איז כולל צוויי ענינים, צוויי קצוות: פון „אני" (דער אויבערשטער אַליין) שלמעלה מכל מדי־דה והגבלה, ווערט „אברכם", ברכה והמ־שכה צו אידן למטה.

וואָס אין יעדער ברכה והמשכה פאָ־דערן זיך צוויי ענינים: די ברכה זאָל קומען פון אַן אָרט וואָס איז העכער פאַר די הגבלות פון דעם מתברך מצ"ע (וואָס דערפאַר דאַרף ער אָנקומען צו דער ברכה), און צוזאַמען דערמיט זאָל עס נמשך ווערן אין דעם מתברך בפנימיותו, לפי ענינו וההצטרכות שלו.

---

1) ב"ר פ"ק, יא. מדרש תהלים בתחלתו.

2) היינו, שיש בזה ב' ענינים: (א) בענין חדש זה (ש„פתח להם") ישנו המשך וכחות של הבא לפני זה (עד סיומו), (ב) שענין חדש זה מוסיף חידוש גם בהבא לפנ"ז. ועפ"ז יומתק הטעם ש„פתח להם" „במה שסיים" הקודם לו.

3) בברכת כהנים של א' הרבנים שי', שנאמרה בהמשך לברכת אנ"ש שי'. המו"ל.

4) נשא ו, כז.

5) שבת סג, א. וש"נ.

6) להדיעה ש„ואני אברכם" לכהנים נאמר, „כהנים מברכין לישראל והקב"ה מברך לכהנים" (חולין מט, סע"א). וגם להדיעה שלישראל נאמר („כהנים מברכים ישראל והקב"ה מסכים על ידם") „ברכה לכהנים מנא לי'", „מואברכה מברכיך" (לך לך יב, ג) — חולין שם.

7) נוסח ברכה השלישית (— ודמן התורה) ד־ברכת המזון.

8) ובמכ"ש מברכת הכהנים, שהיא באופן ד„עד מהרה ירוץ דברו" (תהלים קמז, ו. וראה לקו"ת ס"פ קרח. ובכ"מ), עאכו"כ הברכה של הקב"ה עצמו, „ואני אברכם".

9) תו"א מקץ לז, ג. ובכ"מ.

10) שהרי גם להדיעה ש„ואני אברכם" לכהנים נאמר (כנ"ל הערה 6), ישראל מתברכין מפי ה־גבורה, ואי"צ לזה קרא מיוחד (ובלשון התוס' חולין שם ד"ה והקב"ה: „פשיטא דמסכים, כיון שציוה להם לברך"), כמשנ"ת במ"א (לקו"ש ח"י ע' 42).

ב. די ברכה פון דעם אויבערשטן („ואני אברכם״) — און אין ביידע ענינים: (א) אַ ברכה שלמעלה ממדידה והגבלה, (ב) וועלכע ווערט נמשך צו יעדער איד למטה — איז ספּעציעל אונטערשטראָכן אין תפלת וברכת משה אין דער התחלה פון מזמור צדי״ק אין תהלים[11] — דער ערשטער פון די „אחד עשר[12] מזמורים״ וואָס משה האָט געזאָגט[13] — וועלכער הויבט זיך אָן: „תפלה למשה איש ה־אלקים״, און ענדיקט זיך (מיט תפלת משה) „ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו״:

זייענדיק אַ תפלה (תפלה למשה) — און אויך אַ ברכה[14] — פון „משה איש ה־אלקים״, איז פאַרשטאַנדיק אַז דאָס האָט אין זיך דעם כח פון (אַ ברכה פון) „אלקים״[15], ע״ד (כביכול) „ואני (הקב״ה עצמו) אברכם״,

וכמודגש אין תוכן התפלה והברכה, ובסיומה[16] — „ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו״, אַז „עלינו״ — יעדער איד און אַלע אידן — זאָל זיין דער גילוי פון „נועם ה׳ אלקינו״, וואָס „נועם״[17] (נועם עילאה) איז די דרגא פון עתיק, און פנימיות עתיק, ביז — עצמו־תו ית׳[18] („אני״, „אני אברכם״[19]), און דאָס זאָל נמשך ווערן אין „מעון״ (אותיות נועם[20]), מלכות, ביז אין „מעשה ידינו״, און דער כח אויף דעם קומט פון „תפלה ל־משה איש האלקים״, תפלת עשיר[21], וועל־כע דערלאַנגט אין עצמותו ית׳[22],

און דעריבער איז פאַרשטאַנדיק אַז דאָס איז אַ ברכה שלמעלה מכל מדידה והגבלה במקום וזמן, וויבאַלד אַז דאָס קומט פון „משה איש האלקים״ ובאופן פון „נועם ה׳ אלקינו עלינו״.

און ווי פאַרשטאַנדיק דערפון וואָס מיט דער ברכה האָט משה געבענטשט אידן אַז עס זאָל זיין די השראת השכינה אין משכן — „יהי רצון שתשרה שכינה במעשה ידיכם, ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו

---

11) ע״פ המנהג לומר בכל יום המזמור תהלים המתאים לשנות חייו (מכתב כ״ק מו״ח אדמו״ר, נדפס ב„קובץ מכתבים״ שבסו״ס אהל יוסף יצחק (ע׳ 214). אגרות־קודש שלו ח״א ע׳ לא. ח״י ע׳ נג. וראה גם מאמרי אדה״ז הקצרים ע׳ שמא) — מתחילים בי״א ניסן שנה זו אמירת מזמור צדי״ק שבתהלים.

— ביאורי רבותינו נשיאינו על פסוקי מזמור זה נלקטו ב„קובץ י״א ניסן — שנת הצדי״ק״ (קה״ת, תנש״א). ועיי״ש בנוגע לכמה ענינים הבאים להלן.

12) ראה הערה 28.

13) מדרש תהלים ופרש״י עה״פ (צ, א). פרש״י פקודי לט, מג. ועוד.

14) שהרי „ויהי נועם גו״ הוא ברכת משה „שתשרה שכינה במעשה ידיכם״ — כדברי חז״ל עה״פ (פקודי שם. פרשתנו (שמיני) ט, כג) „ויברך אותם משה״, „ויברכו את העם״ (פרש״י פקודי ושמיני שם. פרש״י תהלים כאן. וראה תו״ש עה״פ פקודי שם (אות לד). ושי״נ).

15) היינו, שנוסף לזה שבתפלה וברכה זו ישנו כחו של הקב״ה, כמו בכל התפלות והברכות (של כל ישראל) שיש בהם כחו של הקב״ה (שאליו מתפללים והוא מקור כל הברכות והשפעות כו׳), הרי זה „תפלה למשה איש האלקים״, ע״ד „ואני אברכם״ (כביכול), בהוספה על ברכת הכהנים (שלוחי דרחמנא — קידושין כג, ב. ושי״נ).

16) וכן בתחלתה: מעון אתה היית לנו.

17) בהבא להלן ראה ד״ה תפלה למשה — במאמרי אדה״ז אתהלך לאזניא ע׳ קנז. תר״ס (ע׳ נט). וראה גם ד״ה זה תשכ״ט ס״ב (סה״מ מלוקט ח״ב ע׳ ריז־ט). — נעתקו בקובץ י״א ניסן הנ״ל אות: ו, יח, כא.

18) ראה גם קובץ י״א ניסן הנ״ל עה״פ ויהי נועם (אות עז ואילך). ועוד.

19) ראה ברכת ערב יוהכ״פ (לאחרי תפלת מנחה — לעיל ע׳ 3־42). ושי״נ.

20) ל״ת וס׳ הליקוטים להאריז״ל עה״פ. הובא במקומות שצויינו בהערה 17.

21) ראה זח״א קסח, ב. וראה נדרים לח, א.

22) ד״ה תפלה למשה תר״ס ותשכ״ט הנ״ל (הערה 17).

גו'"[23], און אין אופן פון „כוננה עלינו גו'", באַפּעסטיקט אויף אַ יסודות'דיקן אופן — מיט אַ קביעות, לעד ולנצח נצחים (כמובן פון דעם פירוש אין תניא אין „שכינתא שריא", אַז דאָס איז בקביעות[24] ונצחיות[25]), און „ושכנתי (בקביעות) בתוכם"[26], בתוך כל אחד ואחד מישראל[27].

[ויש לומר אַז דער כח לזה קומט דער־פון וואָס די ברכה איז פון „משה איש האלקים", וואָס דוקא פון דעם אויבערשטן קומט דער כח צו אויפטאָן השראת השכינה באופן של קביעות ונצחיות].

עפ"ז קומט אויס אַז אין „תפלה למשה גו'" איז מודגש די צוויי ענינים הנ"ל (אין „ואני אברכם") וואָס פאָדערן זיך אין אַ ברכה: צוזאַמען דערמיט וואָס „תפלה ל־משה איש האלקים" איז אַ ברכה שלמעלה מכל מדידה והגבלה — איז זי אַ ברכה וועלכע ווערט נמשך פון משה צו יעדער איד, און אַ ברכה כללית — די ברכה אַז „תשרה שכינה במעשה ידיכם"[28].

ג. ויש לומר נאָכמער: דער כח ואופן ווי די ברכות של הקב"ה ווערן נמשך צו אידן למטה איז דורך משה רבינו — דער רועה נאמן פון אַלע אידן[29] (בכל הדו־רות[30]), דורך וועמען עס ווערן נמשך אַלע השפעות צו אידן, און ער איז דער ממוצע המחבר „ביניכם ובין ה' אלקיכם"[31] — וואָס (זייענדיק אַ ממוצע) האָט ער אין זיך פוןביידע ענינים וועלכע ער איז מחבר[32],

ווי חז"ל זאָגן[33] אויף „איש האלקים" —

23) נסמן בהערה 13.

24) ראה תניא פ"ו (י, ב), שמביא מאחז"ל (סנהדרין לט, א) „כל בי עשרה שכינתא שריא (ומוסיף בתניא:) לעולם".

וי"ל, כי התוכן בתניא שם הוא ש„צד הקדושה אינו אלא השראה והמשכה מקדושתו של הקב"ה ואין הקב"ה שורה אלא על דבר שבטל אצלו יתב' בין כו' בין בכח כו', ולכן אמרו רז"ל שאפי' אחד שיושב ועוסק בתורה שכינה שרוי' כו' וכל בי עשרה שכינתא שריא לעולם" — שמכיון „שבכחו להיות בטל ממש" לעולם, לכן גם השראת השכינה עליו הוא לעולם. וראה גם תניא ספל"ה.

ולהעיר שבתניא ספי"א מביא מאחז"ל הנ"ל (שכל בי עשרה שכינתא שריא) בנוגע להרשע ורע לו, שבחי' טוב שבו הוא רק בבחי' מקיף עליו (שריא). ועפ"ז נמצא שהענין דשכינתא שריא הוא תמיד בכל ישראל (גם במי שאין בו בחי' טוב בגלוי), וראה לקו"ת ר"פ ראה. ד"ה ראה תשמ"ג (נעתק בקובץ י"א ניסן שנת הפ"ט אות יט). ויש לתווך זה עם משנ"ת בתניא פ"ו הנ"ל, ע"פ המבואר בלקו"ת (יוה"פ סט, ב), שאף שהשראה היא בחי' מקיף (וראה גם אגה"ק סכ"ג. תו"א נד, ג) „אעפ"כ הוא פועל פעולה בהם כו'".

25) ראה רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ו הט"ו: קדושת המקדש וירושלים מפני השכינה ושכינה אינה בטלה. וראה לקו"ת פקודי (ה, א. ז, ב) בפירוש „משכן העדות", שעד(ות) הוא לשון נצחיות. וראה תהלים לז, כט: צדיקים ירשו ארץ וישכנו לעד עלי', וברד"ה באתי לגני הש"ת, שמשכינים בחינת שוכן עד מרום וקדוש שיהי' בגילוי למטה.

26) תרומה כה, ח.

27) ראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחילתו (ד"ה ושני פסוקים — סט, ב). אלשיך עה"פ קרוב לסופו (ד"ה עוד יתכן). של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב. ועוד.

28) וכמרומז גם בזה שהוא הראשון של ה„אחד עשר מזמורים" שאמרם משה — שב„אחד עשר" יש שני ענינים: (א) אחד שלפני (ולמעלה מ)עשר, אנת הוא חד ולא בחושבן (בחי' עתיק), (ב) אחד עשר — המשכת אחד (חד ולא בחושבן) בעשר, בכל העשר ספירות, ועד בספירת המלכות (ראה ד"ה תפלה למשה תשכ"ט שבהערה 17. ושנ"נ).

29) ראה תניא רפמ"ב. וראה שמו"ר עה"פ (שמות ג, א) ומשה הי' רועה (פ"ב, ג—ד).

30) דאתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא — זח"ג רעג, א. תקו"ז תס"ט. וראה תניא פמ"ד (סג, א). ועוד.

31) ואתחנן ה, ה.

32) ראה בארוכה ד"ה פנים בפנים תרנ"ט (ע' קצ ואילך).

33) מדרש תהלים (באבער) עה"פ. דב"ר פי"א, ד.

„מחציו ולמטה איש מחציו ולמעלה ה־אלקים״. משה האָט אין זיךביידע ענינים — סיי ווי ער איז בדוגמא שלמעלה („מחציו ולמעלה האלקים״), און סיי ווי ער איז בדוגמא צו אידן למטה („מחציו ול־מטה איש״), און האָבנדיק די ביידע ענינים האָט משה דעם כח פון „תפלה למשה״ — צו אַראָפּברענגען די ברכות של הקב״ה ווי זיי זיינען למעלה ממדידה והגבלה („ואני אברכם״)[34] צו אידן ווי זיי זיינען נשמות בגופים למטה (בבחי׳ „איש״).

[ובפרטיות יותר — י״ל אַז דאָס איז דער חילוק צווישן „משה״ און „איש ה־אלקים״: „איש האלקים״ באַווייזט אויף דעם חיבור פון בחי׳ איש מיט שם אלקים (בגימטריא הטבע[35]), אלקות שבערך ה־בריאה (והאיש הנברא), וועלכע איז באַ־שאַפן געוואָרן בשם אלקים (בראשית ברא אלקים גו׳[36]). משא״כ „משה״ איז פאַר־בונדן מיט שם מ״ה[37], שם הוי׳[38], שלמעלה מהבריאה].

לויט דעם קומט אויס אַז דער מזמור „תפלה למשה״ — נוסף לזה וואָס דאָס גייט אויף דער תפלה פון משה אויף אידן (און ברכת משה צו אידן) — איז אַן ענין כללי ביותר: תפלת וברכת הנשיא — משה, וועלכער איז כולל כל התפלות והברכות כולם; דורך „תפלה למשה״, נשיא ישראל, וואָס הנשיא הוא הכל[39], ווערן נמשך אַלע ברכות פון דעם אויבערשטן למטה, בכל הפרטים ופרטי פרטים.

ד. נאָכמער: בכדי אַז ביי אידן זאָל נקלט ווערן בפנימיות די ברכות של הקב״ה (שלמעלה ממדידה והגבלה), איז פאַרשטאַנדיק אַז אויך באַ זיי דאַרף זיין מעין פון די ביידע ענינים הנ״ל (פון „איש״ און פון „האלקים״).

ויש לומר, ע״פ הידוע[40] אַז יעדער איד האָט אין זיך בחי׳ משה שבו, כמובן פון דברי הגמרא[41] עה״פ[42] „ועתה ישראל מה ה׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ה׳ אלקיך״, „אטו יראה מילתא זוטרתי היא? אין, לגבי משה מילתא זוטרתי״, און וויבאַלד אַז „כל נפש ונפש מבית ישראל יש בה מבחי׳ משרע״ה״, דעריבער, כשם ווי די ענינים זיינען געווען באַ משה׳ן, אַז ביי אים איז דאָס „זוטרתי״, אַזוי ווערט עס „זוטרתי״ באַ יעדער איד (אנשים נשים וטף עד סוף כל הדורות), ביז אַז דאָס פועל׳ט אויף אים אין זיין עבודה בפועל כהמשך

34) והרי ציווי ה׳ על ברכת כהנים נאמר ע״י משה — „וידבר ה׳ אל משה לאמר דבר גו׳״ (נשא ו, כב ואילך).

ויומתק ע״פ פירוש הבחיי (עה״פ ומעשה ידינו כוננה עלינו), ש„מעשה ידינו״ קאי על „נשיאת כפים שעשה אהרן ביום ההקמה, שזה לשון עלינו״, היינו, שלאחרי ברכת כהנים של אהרן ניתוסף בזה ע״י ברכתו של משה ש„מעשה ידינו כוננה עלינו״, ע״ד ובדוגמת ההוספה ד„ואני אברכם״ על ברכת כהנים שלפני זה.

35) פרדס שער יב (שער הנתיבות) פ״ב. ר״ח שער התשובה פ״ו ד״ה והמרגיל (קכא, ב). שעהיוה״א רפ״ו. וראה הנסמן לעיל ע׳ 400 הערה 52.

36) בראשית א, א.

37) תו״ח שמות קטז, א. אוה״ת תצוה ע׳ א׳תרה. וראה גם תו״א יתרו סח, סע״ב ואילך. מג״א צט, ג. ובכ״מ.

38) ראה סה״מ תקס״ב ע׳ קלז. אוה״ת וארא ע׳ רג. ובכ״מ.

39) פרש״י חוקת כא, כא (בנוגע למשה). וראה גם תנחומא חוקת כג. במדב״ר פי״ט, כח. וברמב״ם הל׳ מלכים פ״ג ה״ו: לבו (של מלך*) הוא לב כל קהל ישראל (והרי משה הי׳ (נשיא, וגם) מלך — רמב״ם הל׳ ביהב״ח פ״ו הי״א. ועוד — ראה לקו״ש חי״ט ע׳ 170. וש״נ).

40) תניא רפמ״ב.

41) ברכות לג, ב.

42) עקב י, יב.

*) וראה לקמן סעיף יו״ד.

הכתוב („ועתה ישראל גו'") „ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו ולעבוד את ה"א גו' לשמור את מצות ה' גו'"[43].

דערפון איז מובן, אַז ע"ד ווי באַ משה'ן זיינען פאַראַן ביידע ענינים פון „איש" און „האלקים" (וואָס ע"י זה איז ער דער ממוצע המחבר צווישן די ברכות שלמעלה און אידן למטה), איז „אפס קצהו ושמץ מנהו"[44] דאָ באַ יעדער איד (כדלקמן), וואָס דאָס גיט אים דעם כח צו אויפנעמען די ברכות בשלימות.

עפ"ז איז נאָכמער פאַרשטאַנדיק, ווי דער מזמור צדי"ק „תפלה למשה" איז כולל כל הברכות כולם — וואָרום נוסף לזה וואָס דורך „תפלה למשה" ווערן נמשך אַלע ברכות צו אידן למטה, איז דאָ בחי' משה בכל א' מישראל, און במילא איז (תפלת) משה כולל אַלע אידן, און דער תוכן המזמור דריקט אויס און שפיגלט אָפּ (דעם תוכן און עבודה פון) אידן עצמם אין אַלע זייערע ענינים (וואָרום משה איז רעיא מהימנא פון אַלע אידן (כנ"ל), ביז אַז בחי' משה איז דאָ אין יעדער איד), ביז — אַז „תפלה למשה" פועל'ט אויף אים אין זיין עבודה בפועל (כנ"ל), משה גיט דעם כח אַז אַלע ענינים פון דעם מזמור, אָנהויבנדיק פון דעם עצם ענין פון „תפלה למשה איש האלקים", זאָלן נמשך ווערן צו יעדער איד.

ה. וועט מען עס פאַרשטיין לויט דעם ביאור אין דעם כפל הלשון (וענין) במזמור צדי"ק — אַ כפל הן אין דעם מברך (כתחלת המזמור): „(תפלה ל)משה" און „איש האלקים", און הן אין דער ברכה עצמה (בסיום המזמור): „ומעשה ידינו כוננה עלינו" און „ומעשה ידינו כוננהו"[45]:

מעין דעם ענין פון „איש האלקים", „מחציו ולמטה איש מחציו ולמעלה ה־אלקים" (וואָס שטייט אויף משה'ן) — איז דאָ באַ יעדער איד, בבחי' משה שבו. ובכללות — אַז יעדער איד טיילט זיך אין צוויי חלקים: אַ נשמה און אַ גוף, וואָס זיין נשמה איז אַ „חלק אלוקה ממעל ממש"[46], ע"ד „האלקים"; און זיין גוף איז פאַרבונדן מיט בחי' „איש", אַ יש ונברא.

ובפרטיות יותר — איז דאָס דער חילוק צווישן „משה" און „איש האלקים" (כנ"ל ס"ג): „איש האלקים" באַווייזט אויף דעם חיבור פון בחי' איש (דער גוף) מיט שם אלקים (בגימטריא הטבע). משא"כ „משה" איז פאַרבונדן מיט שם מה — הוי'.

וואָס די צוויי ענינים זיינען פאַראַן באַ יעדער איד (בבחי' משה שבו): די צוויי דרגות אין זיין נשמה — בחי' ישראל שבה[47], וואָס איז פאַרבונדן מיט שם הוי'[48] („חלק הוי' עמו"[49]), און בחי' יעקב שבה[47], פאַרבונדן מיט שם אלקים[48] (יעקב איז י' עקב[50], ווי דער יו"ד פון שם הוי'[51] קומט אַראָפּ בבחי' עקב[52], וידו (אותיות יו"ד[53])

43) שם, יב—יג.

44) תניא פמ"ד.

45) בהבא להלן ראה בארוכה לעיל ע' 398 ואילך.

46) תניא רפ"ב.

47) ראה בארוכה לקו"ת דרושים לר"ה סב, ג (וראה גם תו"א משפטים עז, רע"ב). ספר הליקוטים דא"ח—צ"צ ערך יעקב סמ"ד (ע' א'קא ואילך). ושי"נ.

48) ראה זח"א קעד, א: כמה דקב"ה לזימנין אתקרי הוי' ולזימנין אתקרי אלקים, ה"נ לזימנין אתקרי ישראל ולזימנין אתקרי יעקב. וראה לקו"ת שם. ס' הליקוטים שם ע' א'ק ואילך. ושי"נ.

49) האזינו לב, ט.

50) ע"ח שער ג (שער סדר אצי' למהרח"ו) פ"ב. פרדס שער כג (שער ערכי הכינויים) בערכו.

51) הגהות הצ"צ לתו"א ר"פ ויצא — אוה"ת שם קצב, א (בשוה"ג (ב)).

52) תו"א שם (כא, א). ובכ"מ.

53) שם וישב כט, א.

אוחזת בעקב עשו[54]). און דערפון קומט אַרויס דער חילוק צווישן דער נשמה (משם הוי׳[55]) און גוף (משם אלקים[56]), ביז אַז דערפון ווערט נשתלשל כו׳ למטה דער חילוק צווישן „מחציו ולמטה איש״ און „מחציו ולמעלה האלקים״.

כשם ווי אין אַ אידן זיינען פאַראַן די צוויי ענינים פון „משה״ און „איש ה־אלקים״ — אַזוי איז אויך אין זיין עבודה, אין „מעשה ידינו״, וכמודגש אין דעם כפל פון „מעשה ידינו״ בסיום המזמור („ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו״) — די עבודה אין עניני קדושה — „מחציו ולמעלה״; און עבודה בעניני רשות וחול (עניני העולם) — „מחציו ולמטה״. ובכל־לות — די עבודה עם עצמו („מחציו ול־מעלה״), און די עבודה בבירור העולם („מחציו ולמטה״).

ויש לומר, אַז דער כח צו קענען אויפ־טאָן (ברכה והמשכה) איןביידע אופני עבודה — קומט פון משה רבינו, בחי׳ משה שבכל א׳: דורך דעם וואָס אַ איד האָט אין זיך (בחי׳ משה, וואָס איז כלול פון) ביידע ענינים פון „משה״ און „איש האלקים״ (אַ נשמה וגוף), גיט עס אים דעם כח צו טאָן בשלימות — באופן פון „כוננהו״ — ביידע אופני עבודה, סיי די עבודה אין עניני קדושה, און סיי די עבודה אין בירור העולם (בבחי׳ חולין שנעשה על טהרת הקודש[57]).

ו. אַ דוגמא לזה — געפינט מען אין דעם ענין פון שבת[58]:

עה״פ „מזמור שיר ליום השבת״[59] (ב־המשך הי״א מזמורים שאמר משה) זאָגן חז״ל[60] „עיסקא דשבתא כפול״. איז מבואר בכ״מ[61] אַז דער כפל (פון עיסקא דשבתא) איז כנגד די צוויי דרגות פון מעלי שבתא ויומא שבתא, מנוחה בערך היגיעה און מנוחה בעצם, ע״ד דער חילוק צווישן שם אלקים (אלקות בערך הבריאה), און שם הוי׳ (אלקות שלמעלה מהבריאה).

ועפ״ז י״ל אַז דאָס איז דער כפל בסיום המזמור: ביום השבת, ווען ס׳איז דאָ דער „ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו״, ווערט אַ שלימות כפולה [בדוגמת השלימות וואָס ווערט אויפגעטאָן דורך „תפלה למשה״, וואָס איז פאַרבונדן מיט שבת]: „ומעשה ידינו כוננה עלינו״ — די שלימות פון מנוחה בעצם, און „ומעשה ידינו כוננהו״ — די שלימות אויך פון מנוחה בערך היגיעה בימי החול („ויכולו השמים והארץ וכל צבאם״[62]) [נוסף אויף דעם וואָס פון שבת מיני׳ מתברכין כולהו יומין[63] אויך אויף דער עבודה בימי החול שלאחרי זה]. ובכללות יותר: כוננהו אין „מעשה ידינו״ פון ימי החול, „ומעשה ידינו כוננה עלינו״ ביום השבת, ווען „כל מלאכתך עשוי׳״[64].

ז. ולהוסיף, אַז דאָס איז אויך מרומז אין דעם כפל פון „מזמור שיר (ליום ה־שבת)״, „מזמור כפול״[60]:

דער חילוק צווישן „מזמור״ און „שיר״ איז, אַז מזמור איז בכלי און שיר איז

54) תולדות כה, כו.

55) ראה אגה״ת פ״ד (צג, סע״ב ואילך).

56) ראה שעהיוה״א פ״ז (פא, רע״א).

57) חגיגה יט, ב. וש״נ. וראה תו״א לך יג, א. סידור שער המילה קמה, ד ואילך. סהמ״צ להצ״צ מצות מילה פ״ה (דרמ״צ ח, א). ועוד.

58) ראה לעיל ע׳ 401.

59) תהלים צב, א.

60) מדרש תהלים עה״פ. יל״ש עה״פ (בשלח טז, כט) ראו כי ה׳ נתן לכם את השבת (רמז רסא).

61) ראה שיחה שבהערה 58. וש״נ.

62) בראשית ב, א.

63) זח״ב סג, ב. פח, א.

64) מכילתא (הובא בפרש״י) יתרו כ, ט. טושו״ע או״ח סש״ו ס״ח. שו״ע אדה״ז שם סכ״א.

בפה[65]. ובעבודה רוחנית: שיר בפה באַווייזט אויף דער דרגא פון אור (המשפיע), און מזמור בכלי — איז די כלי (המקבל). וע"ד דער חילוק צווישן אור הנשמה (משם הוי', „משה") און דער כלי הגוף (משם אלקים, „איש האלקים")[66].

ואע"פ וואָס אויך די כלי און גוף איז „איש האלקים", וועלכער איז אַ שם קדוש[67] של הקב"ה[68] — איז דאָס אָבער (כמגן) בהעלם, וואָרום די כוונה איז אַז אַ איד זאָל דאָס מגלה זיין דורך זיין עבודה („מעשה ידינו", ניט נהמא דכסופא[69] ח"ו) פון גילוי אור הנשמה בהגוף[70], אַז די נשמה שלו זאָל פועל'ן און איבערמאַכן דעם גוף, ביז מגלה זיין ווי דער גוף איז אַ כלי צו דעם אור הנשמה, „חלק אלוקה ממעל ממש", משם הוי', און אויך מגלה זיין די מעלה אין דעם גוף (משם אלקים) עצמו.

און דורך דעם — האָט מען אויך דעם כח אויף דער עבודה צו אויפטאָן אין עולם (שנברא בשם אלקים), און מגלה זיין ווי עולם איז אַ כלי צו אלקות, דורכדעם וואָס ער מאַכט פון אַלע עניני העולם אַ כלי צו אויספירן שליחותו בעולם בקיום התומ"צ, דער גילוי השכינה „במעשה ידיכם" באופן של קביעות ונצחיות, ביז אַז עס ווערט אַ דירה לו (לו לעצמותו[71]) יתברך בתחתונים[72], בתחתון שאין תחתון למטה ממנו[73].

און דער כח לזה קומט, כאמור לעיל, פון „תפלה למשה איש האלקים", פון משה רבינו, און פון משה שבכל א' מישראל, וואָס ער האָט אין זיך ביידע ענינים פון „משה" און „איש האלקים", און ער איז מברך וממשיך כחות (באופן של קליטה בפנימיות כנ"ל) אין דער עבודה פון „מעשה ידינו" אין ביידע ענינים — אין גילוי אור הנשמה אור הקדושה, און אין דער עבודה מיטן כלי הגוף און בירור עניני העולם, אַז ביידע זאָלן זיין „כוננהו", באַפעסטיקט אויף אַ יסודות'דיקן אופן — דער גילוי פון „יסוד היסודות ועמוד החכמות"[74] ר"ת הוי'[75] (שלמעלה משם אלקים) אין מציאות העולם, אַז מ'ווייסט און מ'זעט ווי „כל הנמצאים משמים וארץ ומה שביניהם לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"[74], „והוי'[75*] אלקים אמת", „הוא לבדו האמת כו'" [ע"ד „ואמת[76] הוי' לעולם"], „המצוי הזה הוא אלקי העולם אדון

---

65) לקו"ת ברכה צח, ג־ד. סידור (עם דא"ח) שער החנוכה רעז, ג.

66) ראה עד"ז במקומות שבהערה הקודמת. וראה גם שיחת שבת הגדול, ערב י"א ניסן תשמ"ט ס"ט (ס' השיחות תשמ"ט ח"א ע' 394).

67) שבועות לה, סע"א. ירושלמי מגילה פ"א ה"ט. ועוד. רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ו ה"ב.

68) ראה זח"ג ע, ב: גופא דילהון קדישא. וראה תניא פמ"ט (סט, סע"ב ואילך). ס' השיחות תורת שלום ע' 120.

69) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, רע"ד.

70) להעיר, שסיום וחותם כל ספר תהלים (ד„הכל הולך אחר החיתום" — ברכות יב, א) הוא „כל הנשמה תהלל י־ה הללוי־" (וראה שם מח, א: איזה דבר שהנשמה נהנית ממנו ולא הגוף כו'. ועוד).

71) המשך תרס"ו ס"ע ג. ובכ"מ — נסמנו בסה"מ מלוקט ח"ב ע' רמא הערה 32.

72) ראה תנחומא נשא טז. שם בחוקותי ג. במדב"ר פי"ג, ו.

73) תניא פל"ו.

74) רמב"ם ריש הל' יסוה"ת.

75) כידוע דברי ר' דוד הנגיד (נכדו של הרמב"ם) ש„משנה תורה שחיבר זקנו הרמב"ם מתחיל בשם המפורש" (סדר הדורות ד"א תתקכז. שם הגדולים להחיד"א מע' רמב"ם. וראה גם „פירוש" לריש הל' יסוה"ת). — וראה בארוכה הדרן על הרמב"ם תשל"ה סי"ז ואילך. תשמ"ח ס"ב ואילך (ס' השיחות תשמ"ח ח"א ע' 207 ואילך).

*75) ירמי' י, י.

76) תהלים קיז, ב.

כל הארץ״[76*], ביז באופן אַז „מלאה[77] הארץ דיעה את הוי׳ כמים לים מכסים״[78].

ח. דער ענין הנ״ל פון „תפלה למשה״ שטייט נאָכמער בהדגשה ובגילוי בדורנו זה — ווען מ׳האָט דעם כח פון די תפלות וברכות און עבודה פון רבותינו נשיאינו, אתפשטותא דמשה בכל דרא ודרא[79], ביז כ״ק מו״ח אדמו״ר נשיא דורנו, אתפשטותא דמשה שבדורנו,

ובפרט ווען מ׳שטייט לאחרי ארבעים שנה מהסתלקות־הילולא שלו (בשנת תש״י), ווען „נתן ה׳ לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע״[80], קאי איניש אדע־תא דרבי׳[81],

וואָס ער גיט דעם כח צו בחי׳ משה אין יעדער איד בדורנו — ובפרט דורך דעם גילוי פון פנימיות התורה — צו מגלה זיין ווי ער איז „משה איש האלקים״, און ווי „ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו״, דער גילוי בחי׳ נועם (פנימיות עתיק), דורך לימוד התורה, ובפרט פנימיות התורה, און די עבודה פון הפצת התורה והיהדות והפצת המעינות חוצה, באופן אַז דאָס טוט אויף „כוננהו״ אין „מעשה ידינו״, אין אַלע דרגות שבזה,

אָנהויבנדיק פון דער עבודה מיט זיך אַליין — דורך דעם וואָס יעדער איד איז מגלה (בכח פון נשיא דורנו) ווי ער איז שלוחו של הקב״ה, ושלוחו של אדם (העליון[82]) כמותו[83] („משה איש האלקים״),

וואָס דאָס ווערט דורך דעם וואָס אַ איד — אַלס שלוחו של הקב״ה — נוצט אויס זיינע כחות אויף עבודת ה׳, אַזוי אַז די כחות זיינען נאָר ווי אַ כלי, אַ „שליח״, אויף אויספירן שליחותו ורצונו של הקב״ה, בלימוד התורה, נגלה דתורה ופנימיות התורה [כולל ובמיוחד הלכות שבתורה (בחי׳ הוי׳[84] שבתורה)[85], ווי ספר ה־רמב״ם[86] וכיו״ב], וקיום המצוות בהידור,

און אַזוי טוט ער אויף אויך אין עולם, אַז כל עניני העולם ווערן אַ כלי אויף אויספירן שליחותו של הקב״ה:

און דורך דעם וואָס דער שליח טוט זיין עבודה בשלימות בצירוף זיינע עשר כחות — ווערט דאָס משיח[87] (בגימטריא שליח בצירוף עשר[88]), ביז דער גילוי פון משיח בפועל, ווען עס וועט זיין דער שלימות הגילוי „ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו גו׳״.

ט. אין דעם אַלעם קומט צו נאָכמער הדגשה בשנה זו, ה׳תשנ״א, ר״ת הי׳ תהא שנת נפלאות אראנו:

---

76*) רמב״ם שם ה״ד־ה״ה.

77) ישעי׳ יא, ט.

78) סיום וחותם ספר הרמב״ם.

79) נסמן לעיל הערה 30.

80) תבוא כט, ג.

81) ע״ז ה, ריש ע״ב.

82) ראה לקו״ת ויקרא א, ג.

83) משנה ברכות לד, ב. קידושין מא, ב.

84) כלשון יחז״ל „והוי׳ עמו שהלכה כמותו״ (ש״א טז, יח. סנהדרין צג, ב). וראה בארוכה אוה״ת יתרו ע׳ תתצ ואילך. סה״מ תרכ״ז ע׳ רפ ואילך. ע׳ רצ ואילך. המשך תרס״ו ע׳ תכט ואילך. לקו״ש חט״ו ע׳ 233 ואילך.

85) ו„אין כל הגליות מתכנסות אלא בזכות המשניות״ (ויק״ר ריש פ״ז, ג. וראה תו״א שמות מט, ג. תו״ח שם (יח, א־ב). וראה תשובות וביאורים (קה״ת, תשל״ה) סי״ד ס״ה), והרי פסקי דינים הלכה למעשה הם בכלל המשנה — הל׳ ת״ת לאדה״ז רפ״ב. וראה לקו״ת דברים ב, סע״ב ואילך.

86) חיבור „הלכות הלכות״ (כמ״ש הרמב״ם בהקדמתו לספרו).

87) ובהדגשה יתירה בתינוקות של בית רבן, עליהם נאמר „אל תגעו במשיחי״ (דה״א טז, כב. שבת קיט, ב).

88) ראה בארוכה לקו״ש חכ״ט (קה״ת, י״א ניסן, תנש״א) ע׳ 358 ואילך. ועוד.

דער שרש פון הנהגה נסית קומט פון שם הוי', שלמעלה פון הנהגה טבעית וואָס קומט פון שם אלקים (בגימטריא הטבע)[89].

דער סדר הרגיל אין עולם איז די הנהגה טבעית. עס זיינען אָבער דאָ זמנים ווען דער אויבערשטער מאַכט נסים, מ־לשון „ארים[90] נסי"[91] „כמו הנס על ה־הרים"[92], וועלכער הויבט אויף און איז מגלה אלקות וואָס איז העכער פאַר דער בריאה, און הויבט אויך אויף און איז מגלה די פנימיות פון דער הנהגה טבעית (אַז דאָס קומט פון דעם אויבערשטן, שם אלקים)[93].

ווי דאָס איז געווען אין שנה שעברה, ה'תש"נ, ר"ת הי' תהא שנת נסים – כמדובר כמ"פ[94], וועגן די נסים וואָס מ'האָט דע־מולט געזען.

דערנאָך איז דאָ אַ חידוש נעלה יותר – „אראנו נפלאות", ווי עס שטייט בנוגע צו דער גאולה האמיתית והשלימה, אַז „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[95], נפלאות אפילו בערך צו די נסים פון יציאת מצרים[96], ד.ה. אַז עס ווערט אַן עלי'* אפילו אין דעם ענין פון „ארים נסי". ונוסף לזה – איז דאָס אין אַן אופן פון „אראנו נפלאות": די נפלאות זיינען בגלוי באופן אַז מ'קען זיי זעען בעיני בשר. און נאָכ־מער – „אראנו", דער אויבערשטער אַליין באַווייזט די נפלאות, איז פאַרשטאַנדיק אַז דאָס איז למעלה מכל מדידה והגבלה, און – אַז אַלץ ווערט אַנטפלעקט, עס ווערט געזען דער אמת און פנימיות פון דער הנהגה טבעית[97], און דער גילוי פון די פולקאָמע הנהגה נסית, ביז – אויך דער גילוי פון דאָס וואָס איז אינגאַנצן „נפלא"[98].

עפ"ז איז פאַרשטאַנדיק, אַז שטייענדיק אין „שנת נפלאות אראנו" – שטייט בהד־גשה יתירה די ברכה פון דעם אויבערשטן (וואָס ווערט נמשך דורך „תפלה למשה איש האלקים") אין אַלע ענינים, „ויהי נועם ה"א עלינו" – אַז עס ווערט „ומעשה ידינו כוננהו" סיי אין דער הנהגה טבעית

---

89) ראה סידור (עם דא"ח) מד, סע"ב. פירוש המלות פקל"ט. המשך תרס"ו ע' קסג. סה"מ תרע"ח ע' פט. ובכ"מ. סה"מ מלוקט ח"ה ע' צד־ה.

90) ישעי' מט, כב.

91) פרש"י יתרו כ, יז. וראה סידור ופיה"מ שם. תרע"ח שם. הנסמן במכתב כ"ה אדר שנה זו הערה ד"ה „נס" – אויפגעהויבן (נדפס לקמן ח"ב ב־הוספות).

92) סהמ"צ להצ"צ עג, א (ע"פ לשון הכתוב ישעי' ל, יז). וראה סה"ש תשמ"ט ח"א ע' 371. ושי"נ.

93) להעיר מאוה"ת בשלח ע' תרסה: משה נק' איש האלקים שהוא איש ומושל על שם אלקים . . ע"כ עושה ניסן של ישראל כי שם אלקים גימט' הטבע והנס שהוא למעלה מהטבע זהו ע"י שנקרא איש האלקים.

94) ראה שיחות: ש"פ תולדות, ד' כסלו (סה"ש תש"נ ח"א ע' 60־159): ז כסלו: יו"ד כסלו: כ"ב אלול (שם ע' 691) – תש"נ. לעיל ע' 4־74. ועוד.

95) מיכה ז, טו.

96) אוה"ת נ"ך עה"פ סק"ז (ע' תפז), מזח"א בהשמטות סכ"ה (רסא, ב). וראה הנסמן במכתב ה' ניסן שנה זו הערה ד"ה ווי דער באַוואוסטער פירוש.

97) שהרי גם לע"ל תהי' הנהגה טבעית והנהגה נסית* (וגם בתקופה הב' כשיהי' שינוי במעשה בראשית (ראה לקו"ש חכ"ז ע' 198. ועוד), לא יתבטלו כל חוקי הטבע לגמרי, כפשוט), ויהי' אז גם החילוק בין ימי החול ויום השבת* (ביום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים גופא), וכמ"ש (ישעי' סו, כג) והי' גו' מדי שבת בשבתו גו', וכיו"ב – ובכל א' מהם יהי' הגילוי ד„כוננהו" ע"י הקב"ה עצמו באופן של „נפלאות".

98) ראה גם מכתב הנ"ל.

---

*) ששרשם הוא משם הוי' ומשם אלקים, ולע"ל יהי' גם הגילוי דשם אלקים (ועד שהוי' דעכשיו יהי' אלקים לע"ל, והי' הוי' לי לאלקים (ויצא כח, כא), ויהי' גילוי שם הוי' נעלה יותר – תו"א ואוה"ת ר"פ ויצא. ועוד).

(אלקים), אַז אין זיין „וואָכעדיקע״[99] און טבעית׳דיקע ענינים ווערט „כוננהו״ (ביז באופן של נפלאות), און נאָכמער — „ומעשה ידינו כוננה עלינו״ אפילו אין דער הנהגה נסית (הוי׳), אַז אפילו אין זיין „שבת׳דיקע״ און למעלה־מדרך־הטבע׳דיקע הנהגה באַווייזט דער אויבערשטער נסים גלויים — ווי ער האָט שוין אָנגעהויבן באַווייזן, און איז ממשיך באַווייזן ביתר שאת וביתר עוז, לכל אחד ואחת, אויך בחייו הפרטיים, און הויבט אויף אידן (און „מעשה ידינו״) למעלה ממעמדם ומצבם אפילו כשהיו בשנת נסים (וואָס אויך דעמולט איז מען געווען אויפגעהויבן), און אין אַן אופן פון „(נפלאות) אראנו״, אַז מ׳זעט עס בגלוי, מראה באצבעו ואומר זה[100].

ולהוסיף: דער סדר האותיות פון מספר השנה איז (תש)נ״א, פריער נפלאות און דערנאָך אראנו. אָבער אידן האָבן (אויך) מוסיף ומשנה געווען דעם סדר, אַז מ׳זאָל זאָגן „אראנו נפלאות״ (כלשון הכתוב). ויש לומר דער חילוק: אין „נפלאות אראנו״ איז דער עיקר הדגשה אויף די נפלאות, און די נפלאות — „אראנו״, מ׳זעט זיי באופן של ראי׳.

אין „אראנו נפלאות״ איז דער עיקר הדגשה אויף דעם „אראנו״, ווי דער אויבערשטער אַליין באַווייזט באופן של ראי׳ — דער אמת ופנימיות פון יעדער זאַך, און בשעת דאָס איז אין אַן אופן פון „אראנו״ (דורך דעם אויבערשטן אַליין) זעט מען (בדרך ממילא) ווי דאָס איז אַלץ — „נפלאות״ (סיי די הנהגה טבעית, סיי די הנהגה נסית, סיי די מאורעות שבעבר און סיי די נפלאות וואָס וועלן זיין בעתיד).

ביז אַז עס ווערט „אראנו״ — דער גילוי וראי׳ אין דעם אויבערשטן אַליין, כביכול — „והיו עיניך רואות את מוריך״[101], ראי׳ בעיני בשר, ביז אַז דאָס נעמט דורך אויך די הנהגה טבעית וגשמיות פון אַ אידן[102]. און בשעת ס׳איז דאָ דער „אראנו״ אין („ויהי נועם ה׳ אלקינו עלינו״, ביז אין) דעם אויבערשטן אַליין, זעט מען ווי אַלץ (סיי טבע, סיי נס) איז „נפלאות״ („כוננהו״) של הקב״ה.

י. אין שנת אראנו נפלאות גופא איז דאָס נאָכמער אונטערשטראָכן אין חודש ניסן, וואָס באַווייזט אויף „נסי נסים״[103], נסים אפילו בערך צו נסים (ע״ד די נפלאות דלעיל כנ״ל).

און אין חודש ניסן עצמו — נאָך שבת הגדול, „שנעשה בו נס גדול״[104] (גדלות אין נס עצמו), און שוין נאָך עשירי בניסן (ווען דער „נס גדול״ האָט פאַסירט בפועל, בשבת לפני פסח עשירי בניסן[105]).

---

99) ראה הערה 97.

100) ראה תענית בסופה. שמו״ר ספכ״ג. פרש״י בשלח טו, ב (ד״ה זה א־לי).

101) ישעי׳ ל, כ.

102) וכבר הי׳ לעולמים מעין זה בשעת מתן תורה, „כדכתיב (ואתחנן ד, לה) אתה הראת לדעת כי ה׳ הוא האלקים אין עוד מלבדו, הראת ממש בראי׳ חושית כו״ (תניא פל״ו — מו, א). ועד שגילוי זה חדר בהגשמיות דבנ״י, כמ״ש (משפטים כד, יא) „ויחזו את האלקים ויאכלו וישתו״, היינו, שהגילוי דמעשה המרכבה נמשך בפנימיותם, עד שנעשה דם ובשר כבשרם (ראה תניא פ״ה).

והענין דמתן תורה נמשך בכל יום, „נותן התורה״ לשון הוה (של״ה כה, א. לקו״ת תזריע כג, א. מאמרי אדהאמ״צ שמות ח״א ע׳ קעה. ושי״נ), היינו שהגילוי אלקות דמ״ת ישנו בכל יום, הן בימי החול והן ביום השבת — ראה לעיל בפנים ובהערה 97.

103) ראה ברכות נז, רע״א ובפרש״י וחדא״ג מהרש״א שם.

104) תוד״ה ואותו — שבת פז, א בשם מדרש (ראה דעת זקנים מבעה״ת בא יב, ג). טור ושו״ע אדה״ז או״ח הל׳ פסח ר״ס תל.

105) אלא שקבעו הנס ביום השבת — ראה נ״כ טושו״ע או״ח סת״ל. שו״ע אדה״ז שם ס״א.

און מ'האַלט שוין אור ל„עשתי עשר יום"[106] בחודש ניסן, דער „נשיא לבני אשר"[106], וואָס זיין ענין איז — „והוא יתן מעדני מלך"[107]: יעדער איד ווערט געבענטשט — נאָך אין די לעצטע רגעים פון גלות — מיט „מעדני מלך", דער ענין ה־תענוג („ויהי נועם"), און „מעדני מלך"[108] דוקא — שלימות התענוג[109], סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, כולל — „מעדני מלך" אין עבודת ה', המשכת תענוג אויך אין דער סדר ושלימות העבודה פון מלך ר"ת „מוח לב כבד"[110], מוח שליט על הלב[111], און דערנאָך ווערט עס נמשך אין כבד (מקור הדם[112], „הדם הוא הנפש"[113]), אַזוי אַז ס'איז דאָ שלימות ציור ומצב האדם — איז אויך אין דעם ווערט אַ תוספת ברכה, פון המשכת התענוג („מעדני מלך").

און עס ווערט נתגלה ווי יעדער איד איז אַ בן מלך[114] (ביז אַ „מלך" עצמו[115]) — בנו של מלך מלכי המלכים הקב"ה, וכמ"ש[116] „וכל בניך לימודי הוי'", וואָס דאָס גייט אויף יעדער איד (וועלכער איז נכלל אין „בניך") — וכמבואר הענין ד„כל בניך גו'" אין די דרושי חתונה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[117]: און זייענדיק אַ „בן מלך" באַקומט ער „מעדני מלך" בשלימות, שלימות התענוג.

ויש להוסיף ולקשר זה מיט דעם מאמר הידוע פון דעם בעש"ט[118], אַז יעדער איד איז טייער בא דעם אויבערשטן ווי אַ בן יחיד שנולד להורים זקנים לעת זקנותם — דלכאורה, איז ניט מובן דער משל פון „הורים זקנים לעת זקנותם" אויף דעם אויבערשטן, ובלשון חז"ל[119]: „מי איכא זיקנא קמי'"?!

ויש לומר, ע"פ הידוע אַז „זקן" איז פאַרבונדן מיט (חכמה[120], ביז מיט) עתיק (יומין)[121], וואָרום עתיק איז לשון זקן (כמ"ש[122] „ועתיק יומין יתיב גו'")[123], פנימיות הכתר, ביז מיט פנימיות עתיק, עצמות התענוג (בחי' אחד עשר, חד ולא בחושבן)[124]: וי"ל אַז דער משל הנ"ל (אַז אַ איד איז אַ בן יחיד שנולד להורים זקנים כו') איז מרמז ווי אַ איד איז פאַרבונדן מיט בחי' זקן (עתיק) שלמעלה, וואָס איז איין

---

106) נשא ז, עב.

107) ויחי מט, כ.

108) ולהעיר ש„מלך" בגימטריא צ'.

109) ראה סה"ש תשמ"ז — ברכת י"א ניסן ס"א.

110) ראה ניצוצי אורות וניצוצי זהר לזח"ב קנג, א. ושי"נ.

111) זח"ג רכד, סע"א. וראה תניא פי"ב (יז, רע"א). פי"ז (כג, א). פ"ל (לח, ב). פנ"א (עא, סע"א).

112) ראה ע"ח שער המוחין (ש"כ) פ"ה.

113) פ' ראה יב, כג.

114) „כל ישראל בני מלכים הם" — שבת סז, א.

115) „אתקריאו ישראל מלכים" — תקו"ז ב־הקדמה (א, ריש ע"ב).

116) ישעי' נד, יג.

117) ד"ה וכל בניך לימודי ה' תרפ"ט (סה"מ קונטרסים ח"א טז, ב ואילך).

118) כתר שם טוב הוספות סי' קלג.

119) יבמות טז, ב.

120) כמאחז"ל (קידושין לב, ב) „זקן זה שקנה חכמה".

121) ופנימיות אבא פנימיות עתיק (נסמן ב־קונטרס לימוד החסידות ע' 6) — ראה מקומות שבהערה 123. ד"ה ואברהם זקן תרנ"ד. ועוד.

122) דניאל ז, ט (וראה במפרשים שם).

123) ראה ד"ה ויעמוד העם תרנ"ח (ע' קצ ואילך). המשך תער"ב ח"ג ע' א'שסח ואילך. וראה המשך תרס"ו ע' רלד—ה. ועוד. ובד"ה ויעמוד שם: זקנתי הוא בחי' עתיק, דעתיק הוא ל' זקנה . . וענין הזקנה למעלה הלא ארז"ל ומי איכא זקנה קמי' קוב"ה להיות שאינו בגדר זמן וממילא אינו שייך שם ענין הזקנה. אלא הכוונה דזקנה מורה על הקדמות, והיינו דלהיות שבחי' עתיק כו'.

124) המשך תרס"ו שם.

זאך מיט עצמות ומהות[125] — ישראל וקוב"ה כולא חד[126]. און דעריבער ווערט צו אים (דער בן מלך) אויך נמשך "מעדני מלך"[127] — עצמות התענוג (עתיק).

ובפרט דורך דעם וואס אידן האבן מוסיף געווען בלימוד התורה בכלל, כולל ובמיוחד — לימוד פנימיות התורה, וואס דורך דעם ווערט די המשכת גילוי פון "עצמות עתיק"[128] אין אידן.

און זיכער וועט מען ווייטער מוסיף זיין אין לימוד התורה ובפרט פנימיות התורה — און אויך אין קיום המצות בהידור — באופן שלמעלה ממדידה והגבלה, און אין דעם גופא — איז מען מוסיף מערער און מערער, "ילכו מחיל אל חיל"[129], אז ניט קוקנדיק אויף דער הנהגה ביז איצטער באופן פון "נס", און פון "ארים נסי", אויפגעהויבן לגבי זיין הנהגה נסית הרגילה שלפנ"ז, איז ער עולה העכער און נאך העכער באופן פון "נפלאות" שבתורה ("גל עיני ואביטה נפלאות מתורתך"[130]), ביז "נפלאות אראנו", און נאכמער — "אראנו נפלאות", אז עס איז דא דער לימוד התורה באופן של ראי'[131], ביז ראי' אין אלקות, אין דעם נותן התורה (והיו עיניך רואות את מוריך), און דאס ברענגט דעם גילוי פון "נפלאות" אין תורה.

און דורך דעם באקומט מען מדה כנגד מדה[132] וכמה פעמים ככה פון דעם אויבערשטן, אז "אראנו נפלאות" כפשוטו — דער אויבערשטער אליין באווייזט אים, באופן פון מראה באצבעו ואומר זה: אט האסטו די נסים ונפלאות וואס איך, דער אויבערשטער, האט דיר געגעבן, ווי "הורים זקנים" גיבן צום "בן יחיד שנולד לעת זקנותם", מבחי' עתיקא קדישא.

ביז אז דער אויבערשטער אליין שטייט בהתגלות, און מיט וואס איז ער "פארנומען" כביכול (אדער אן א כביכול) — מיט "אראנו", באווייזן יעדער איד "נפלאות", אז דאס וואס עס איז געשען מיט אים ביז איצטער איז אויך געווען "נפלאות", ועאכו"כ די נפלאות וואס קומען דערנאך (נאך דעם "אראנו"),

ביז — די נפלאות בגאולה האמיתית והשלימה, ובאופן פון "אראנו", און דערנאך — קומען נאך העכערע "נפלאות", א.ז.וו. עד אין סוף.

יא. בכל זה קומט צו דורך דעם וואס מ'וועט איצטער מסיים זיין (כרגיל) מיט מאכן יעדערן פון הנוכחים כאן (און דורך זיי — כלל ישראל) פאר א שליח מצוה אין מצות הצדקה (ששקולה כנגד כל המצוות[133]), וכמדובר לעיל[134] אז דורך דעם וואס יעדער איד אלס שלוחו של הקב"ה, וועט אויסנוצן זיינע עשר כחות בשלימות במילוי שליחותו — ברענגט ער (שליח בצירוף עשר בגימטריא) משיח, און נוסף על "גימטריא" (וואס איז בהעלם[135]), בגילוי ממש, בראי' חושיית.

125) ומרומז גם בהלשון "בן יחיד", בחי' אחד עשר, חד ולא בחושבן (ראה הערה 28).

126) ראה זח"ג עג, א.

127) ולהעיר גם שפנימיות עתיק הוא מלכות דא"ס (המשך תרס"ו שם).

128) כ"ה בהמשך תרס"ו שם.

129) לשון הכתוב — תהלים פד, ח.

130) תהלים קיט, יח. וראה שער האמונה פ"ס.

131) ראה לקו"ת צו יז, ב: "וזהו פי' אראנו נפלאות, אראנו דייקא בבחי' ראי' ממש . . שהשגתו (דהאריז"ל) הי' בבחי' ראי' כו'". וראה גם שער האמונה שם.

132) ראה סוטה ח, ב. ט, ב. וש"נ. תוספתא סוטה רפ"ד. מדרש לקח טוב שמות ג, ו. ועוד.

133) ב"ב ט, א. וראה תניא פל"ז (מח, ב).

134) סעיף ח.

135) וראה שעהיוה"א פ"א.

און תיכף ומיד ממש נעמט משיח אַרויס אַלע אידן פון גלות, „בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותינו"[136], בגאולה האמיתית והשלימה, און מ'גייט אין ארץ הקודש, אין ירושלים עיר הקודש, להר הקודש, לבית המקדש השלישי, „מקדש אד' כוננו ידיך"[137],

וואָס דאָרטן האָט מען בתכלית השלימות אַלע ברכות פון „תפלה למשה איש האלקים . . ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו" — כברכת משה (ואהרן) בנוגע צו השראת השכינה אין משכן, „ויברכו את העם", „ויהי נועם ה' אלקינו עלינו, יהי רצון שתשרה שכינה במעשה ידיכם"[138] — וואָס די שלימות פון „תשרה שכינה במעשה ידיכם" וועט זיין אין דעם בית המקדש השלישי[139], „וכשיבנה — משה ואהרן יהא עמנו"[140],

און עס ווערט (בדוגמא (אבל בעלי' ובהוספה לגבי) ווי ס'איז געווען בעת השראת השכינה אין משכן) „וירא כל העם וירונו ויפלו על פניהם"[141] — גילוי אלקות באופן של ראי', ביז אַז דאָס ברענגט בא זיי אַרויס אַ רינה[142], און אַזאַ גילוי וואָס איז העכער פאַר פנימיות (ביז אַז „ויפלו על פניהם").

ויהי רצון, אַז נאָך אין די לעצטע מעשינו ועבודתינו אין די לעצטע רגעים פון גלות זאָל זיין די השראת השכינה „במעשה ידיכם", כולל אין דער שליחות לצדקה וואָס מ'וועט איצטער געבן,

און פון דעם כפל „תפלה למשה איש האלקים", האָט מען דעם כח צו אויפטאָן דעם כפל פון „ומעשה ידינו כוננה עלינו ומעשה ידינו כוננהו", אין מעשינו ועבודתינו איצטער,

און מ'האָט אויך משה ואהרן עמהם — בחי' משה (ואהרן — מז' רועי ישראל[143]), שבכל א' מישראל, אנשים נשים וטף,

ותיכף ומיד ממש — „הקיצו ורננו[142] שוכני עפר"[144], ומשה ואהרן עמהם בפשטות, נשמות בגופים, צוזאַמען מיט אַלע אידן,

ותיכף ומיד ממש — „ומעשה ידינו כוננהו" אין דעם „מקדש אדנ-י כוננו ידיך".

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן לכאו"א מהנוכחים שיהיו שטר של דולר, לתתו (או חילופו) לצדקה].

---

136) כמ"ש ביצי"מ (ו„כימי צאתך מארמ"צ אראנו נפלאות") — בא י, ט.

137) בשלח טו, יז ובפרש"י.

138) פרשתנו ט, כג ובפרש"י.

139) ראה גם מכתב י"א ניסן ש.ז. (נדפס לקמן ח"ב בהוספות). ושו"נ.

140) תודי"ה אחד — פסחים קיד, ב. וראה יומא ה, ב.

141) פרשתנו שם, כד.

142) להעיר דרנה הוא בפה (זח"ג ח, ב. ושם — ביחס לשמחה שבלב) — ראה לעיל ס"ז*.

143) ז"ח בסופו (תיקונים קד, א). תו"א לב, ב. לקו"ת בהעלותך כט, ג. וראה לקו"ש ח"כ ע' 643.

144) ישעי' כו, יט.

---

*) וראה לקו"ת שבהערה 65: ועיין בזח"א ויצא (קמח, ב) בענין ההפרש בין שיר הלוים לבחי' וחסידיך ירננו דכהנים שהיא בחי' עליונה יותר. ועד"ז יובן מעלת בחי' שיר על בחי' מזמור.

